## I

פון דעם גרויזאַמען חלום האָט מיך אויפגעוועקט מיין מאַמעס שוועסטער, מיט וועמען איך האָב יענעם זומער געוואוינט צוזאַמען אין די וועלדער פון גאַרבאַטקע.

— ביסט דאָך אויף דאַטשע מיט דיינע קינדער! דיין מאַן קומט דאָך מאָרגן אויף שבת! — האָט זי געטענהט צו מיר — הער אויף שרייען!

איך בין געבליבן שטיל, אָבער מיין האַרץ האָט אין מיר געציטערט פון דעם וואָס איך האָב געזען און געהערט אין חלום פון מיינס אַן עלטער־מומע, וועלכע איז שוין אַזויפיל יאָרן טויט און געווען אַ זקנה ווען זי איז געשטאָרבן. די עלטער־מומע האָב איך קיינמאָל פריער נישט געהאַט געזען אין חלום, און דאָ האָט זי מיר געזאָגט, אַז מ׳וועט אַוועקנעמען מיין מאַן, עס מאַכט זיך אַ גרויסע מלחמה, קליינע קינדער און אַלטע מענטשן וועלן נישט טאָרן לעבן... און זי האָט מיך אַריינגעפירט אין שטובן וואו אַלע ווענט האָבן זיך געשאָקלט און אַלע הייזער האָבן גענומען איינפאַלן.

צערודערט פון דעם חלום האָב איך שוין געוואָלט אַהיימפאָרן, נאָר מיין מאַמעס שוועסטער, וועלכע האָט נאָך גאָרנישט געוואוסט וואָס אַזוינס מיך האָט געחלומט, האָט מיך אויסגעלאַכט:

— ביסט פאַרנאַרט געוואָרן? — האָט זי געפרעגט — גלויבסט אין חלומות?

אַ ביסל שפּעטער האָב איך געמאַכט ליכט, האָב זיך איינגעקוקט אין מיינע שלאָפנדיקע קינדער און עטל, מיין מאַמעס שוועסטער, האָט ערשט פאַרלאַנגט כ׳זאָל איר אַלץ דערציילן פון דעם חלום.

כ'האָב איר גאָרנישט דערציילט, אָבער אינזיך האָט עס מיך אויפסניי נישט געלאָזט איינרוען. כ'האָב נאָר אריינגע־טראַכט פאַרוואָס האָט די עלטער־מומע מיר געזאָגט:

„אַז קינדער וועלן נישט טאָרן לעבן און אַז מ'וועט אוועק־נעמען מיין מאַן?"

צומאָרגנס האָב איך זיך קוים דערוואַרט אויף דער שעה ווען מיין מאַן האָט געדאַרפט קומען פון שטאָט אין וואַלד אריין. איך בין אַוועק צום וואָקזאַל און געציטערט איך זאָל נישט האָבן קיין פאַרשטערטן שבת. דאָס האַרץ אין מיר האָט נישט גערוט פון שרעק, און פרויען וועלכע האָבן אויך אָפּגעוואַרט זייערע מענער פון שטאָט, האָבן דערקענט מיין צעטראָגנקייט און געפרעגט:

— וואָס האָט פּאַסירט? וואָס זענען זי אַזוי אויפגע־רעגט?

באַלד האָט מען דערהערט דאָס דערנענטערן זיך פון דער באַן, און ווען מיין מאַן איז שוין מיט מיר געווען אַ שטיק אין וואַלד צו אונזער זומער־דירה, איז אים געוואָרן אויפפאַלנד, פאַרוואָס איך שווייג און פרעג גאָרנישט וועגן זיין גאַנצער וואָך אַרבעט אין שטאָט?

ער האָט געטענהט:

— פרעגסט מיך גאָרנישט? שטענדיק, ווען כ'קום אויף אויף שבת, פרעגסטו ווי ס'האָט אויסגעזען מיט אַרבעט די גאַנצע וואָך? היינט פרעגסטו גאָרנישט? האָסט מיך נאָר געקושט און שווייגסט?

וואָס איך האָב אים געענטפערט געדענק איך נישט, איך געדענק אָבער וואָס די מומע עטל האָט אים געזאָגט ווען זי האָט אונז דערזען:

— דיין ווייב איז די נאַכט פאַרנאַרט געוואָרן! עס האָט זי געחלומט אַ באָבע־מעשה, האָט זי געוואָלט אַהיימפאָרן!

מיין מאַן האָט זיך צעלאַכט, די מומע עטל מיט מיינע קינדער האָבן מיטגעלאַכט און איך האָב זיך שוין געשעמט מיט

דער גאַנצער געשיכטע. איך האָב נישט געלאָזט מער רעדן דערפון.

— זאָלן מיר האָבן אַ פריילעכן שבת! — האָב איך געזאָגט. און דער שבת אין וואַלד איז טאַקע געווען פריילעך.

נאָך שבת צונאַכטס איז ווידער אויף מיר געפאַלן אַן אימה. איך האָב געוואָלט מיטפאָרן אין שטאָט אַריין און געזאָגט, אַז כ'האָב יאָרצייט נאָך מיין פאָטער און אַז כ'וויל אַרוים אויפן בית־עולם אויף מיין טאַטנס קבר. „וואָס עפעס קבר אָבות?"

— האָט געפרעגט מיין מאַן. ווען ער האָט געזען אַז ער וועט מיט מיר גאָרנישט אויספירן, האָט ער מיך פאַרזיכערט, אַז ער וועט שוין די זאַך דערלעדיקן. ער וועט שוין גיין אויפן בית־עולם און דאָרט באַצאָלן פאַר אַן „אל מלא רחמים". — איך זאָל בעסער בלייבן אין וואַלד און פאַרגעסן אַלע חלומות. כדי איך זאָל נישט אַריינקלערן, צי ער וועט טאַקע אַזוי טון ווי ער האָט מיר צוגעזאָגט, האָט מיין מאַן פאַרלאַנגט, אַז אונזער צוועלף יאָריק יינגל זאָל מיטפאָרן אין שטאָט אַריין.

איך האָב מיטגעשיקט מיין יינגל. ביידע זענען אַוועקגעפאָרן. איך בין געבליבן מיט מיינע צוויי קליינע מיידעלעך אין וואַלד, אָבער די שרעק פון חלום איז אַלץ פון מיין האַרץ נישט אַרויס.

ווען מיין מאַמעס שוועסטער האָט באַמערקט, אַז איך בין ווידער נישט מיט אַלעם, האָט זי געפרעגט, צי כ'האָב זיך שוין ווידער אָנגעטשעפּעט אין דעם חלום? האָב איך אויסגעבראָכן מיט אַ געוויין און איר אַלץ דערציילט פון חלום.

— אפשר האָסטו אינזינען געהאַט די מומע רעילע ביי־טאָג? — האָט זי געפרעגט — דערפאַר האָסטו זי געזען אין חלום?

איך האָב געענטפערט, אַז נישט. די מומע עטל איז געוואָרן בלאַס און דערשראָקן פון מיין ענטפער, און מיר געעצהט, אַז ווען איך וועל אַהיימפאָרן פון דאַטשע זאָל איך גיין אויף דער מומע רעילעס קבר בעטן מחילה און אַוועקגעבן „פדיון נפש" פאַר איר נשמה.

— זאָלסט נישט פאַרגעסן צו גיין אויף דער מומע רעי־לעם קבר! — האָט זי מיר אָנגעזאָגט בעת זי האָט מיך אַ פּאָר טעג שפּעטער באַגלייט דורך די וועלדער צום וואָקזאַל.

ווען איך בין אָנגעקומען אין ראַדאָם, בין איך נישט אַהיים אין מיין וואוינונג. איך בין אַוועק אין מיין געוועלב, וואו ס'איז אויך געווען אַ וואַרשטאַט אויף רעפּערירן ראַווערן מיט ניי־מאַשינען.

מיין מאַן משה האָב איך געטראָפן מיט אויסגעשמירטע הענט ביים אויסרעפּערירן אַ ניי־מאַשין.

ער האָט זיך זייער געחידושט פאַרוואָס איך בין אַזוי אומ־געריכט געקומען מיט די קינדער פון וואַלד.

— איטעלע איז נישט מיט אַלעמען — האָב איך אָנגע־וויזן אויף אונזער יינגסט קינד — איך האָב געמוזט אַהיימקו־מען.

אין עטלעכע טעג אַרום האָבן גרויסע צדיקים פון שטאָט חתונה געמאַכט זייערע אייניקלעך. פון אַלע גאַסן זענען יידישע מענטשן געלאָפן זען די חתונה. איך מיט מיין מאַן זענען אויך אַוועק צו דער גרויסער פייערלעכקייט. אויפן וועג בין איך אַריין אין אַ קרעמל און געקויפט אַ פּעקל ליכט. כ'האָב מיך דערמאָנט, אַז די מומע עטל האָט מיך געהייסן אַוועקגעבן „פּדיון נפש געלט", האָב איך גענומען געלט מיט די ליכט און בין אַריין אין רבינס שטובן, וואו עס האָט זיך געטומלט פון די חתונה געסט. דער שמש האָט פון מיר גענומען ס'געלט מיט די ליכט און געהייסן אַריינרופן מיין מאַן, ער זאָל זיך זעצן ביי אַ טיש צוזאַמען מיט אַלע געסט. מיין מאַן האָט עס נישט געוואָלט און מיר זענען געשטאַנען, און זיך צוגעקוקט ווי דער עולם איז זיך משמח. און ווען די ערשטע מוזיק האָט אויפגעשפּילט האָב איך אָנגעהויבן וויינען, אָבער אַזוי וויינען, אַז מענטשן האָבן געבעטן מיין מאַן, ער זאָל מיך אַהיימ־פירן.

— יעצט ווײנט מען נישט! יעצט איז אַ שמחה! — האָט

עמיצער געשריגן.

מיין מאַן האָט מיך אַרויסגעפירט אויפן הויף, וועל־כער איז געווען איבערגעפּאַקט מיט מענטשן. יינגלעך זע־נען געזעסן אויף די דעכער און אויף לייטערס. בעת מען האָט גענומען שטעלן די חופּה־שטאַנגען אונטערן פרייען הימל, האָבן ווייבער און מיידלעך געטראָגן אָנגעצונדענע ליכט אין די הענט. ווען ס'איז שוין געווען נאָך אַלעמען, בין איך אַהיים אין אַ מעמד, ווי כ'וואָלט בייגעוואוינט עפּעס שרעק־לעכס. שכנים האָבן געוואָלט רופן אַ דאָקטאָר, נאָר איך האָב נישט געוואָלט קיין דאָקטאָר.

טרויעריק איז מיר געווען יענע נאַכט, די טרויעריקסטע און לעצטע נאַכט פון מיין לעבן מיט מיין מאַן.

אַרום פינף פאַרטאָג האָבן אונז אויפגעוועקט יאָמערלעכע געשרייען פון גאַס. איך מיט מיין מאַן זענען אַראָפּ צום פענצ־טער. מיר האָבן דערזען אַ געלויף פון פרויען מיט מענער. מיין מאַן האָט אויף זיך געכאַפּט די הויזן, ער האָט געוואָלט אַרויסלויפן געוואויר ווערן וואָס האָט פּאַסירט, נאָר ווען ער האָט אויפגעשלאָסן די טיר און זי געעפנט, איז שוין געשטאַנען אַ פרעמדער מענטש ביי דער שוועל.

דער פרעמדער האָט אים דערלאַנגט אַ פּאַפּיר, אַז אין אַ שעה אַרום מוז ער זיך צושטעלן אין די קאַזאַרמעס.

---

וואָכן שפּעטער האָבן שוין געררושט דייטשע טאַנקען אין די גאַסן. אין מיין געוועלב האָט זיך באַוויזן אַ יידיש יינגל און געזאָגט, אַז מען דאַרף ראַטעווען עטלעכע פּוילישע זעל־נער, וועלכע ליגן אויסבאַהאַלטן און ווילן זיך איבערטאָן פאַר ציווילע. האָב איך גענומען אַן אַלטן פּאַלטן מיט אַן אַלט רעגן־מאַנטל, אויך מיינס אַ פּאָר קליידער, און כ'בין מיט דעם יינגל אַוועק צו דער באַהעלטעניש פון די סאָלדאַטן. איינעם האָב איך געגעבן דעם פּאַלטן, איינעם דעם רעגן־מאַנטל, איי־נעם אַ פרויען קלייד און אַזוי אַרום אַלעמען געמאַכט פאַר

אוים זעלנער.

נאָכדעם האָב איך געזען ווי דייטשן טרייבן מחנות גע־פאַנגענע. ווען איך האָב געוואָלט צוואַרפן אַ ברויט די געפאַנגענע האָבן צוויי דייטשן מיך אָנגעכאַפּט און געפרעגט:

— זינט זי יודין? פאָלין?

איך האָב גאָרנישט געענטפערט און ווייטער נאָכגעגאַנ־גען זען וואוהין מען יאָגט די מחנות אומגליקלעכע.

מען האָט זיי געטריבן צו די קאַשאַרן. דאָס האָט זיך איבערגעחזרט טעג נאָכאַנאַנד, און טעג נאָכאַנאַנד בין איך אָפּגעשטאַנען ביי די קאַזאַרמעס מיטן געדאַנק צו טרעפן מיין מאַן צווישן די געפאַנגענע סאָלדאַטן.

## II

אין סעפּטעמבער 1942, בין איך געווען צווישן אַכצן הונ־דערט איבערגעבליבענע יידן אין ראַדאָם. מען האָט אונז אַלעמען אריינגעטריבן אין אַ פאַרקלענערט געטאָ וואָס איז באַשטאַנען פון עטלעכע געוועזענע געטאָ־געסלעך.

אויפן דריטן, אָדער פערטן טאָג, בין איך געוואָרן צוגע־טיילט צו אַ פאַרטיע מענער. מיר האָבן געדאַרפט אויפרוימען שטובן פון טויזנטער ארויסגעשיקטע משפחות. וואו מען איז אריין האָט מען כמעט געטראָפן אַ קינד. עס זענען געווען קינדער פון אַ יאָר, פון צוויי יאָר און גרעסערע, וועמען עלטערן האָבן געהאַט אויסבאַהאַלטן. די עלטערן האָבן אוודאי גע־מיינט, אַז זיי האָבן „גוטע״ ארבעטס־פּאַפּירן וועלן זיי צוריק אַהיימקומען פון „אויסזידלונגס־פּלאַץ״. צום סוף האָט מען אַלע עלטערן פון די קינדער אַוועקגעשיקט.

ווען די אויסבאַהאַלטענע קינדער, האָבן זיך די דייטשן באַלד דערוואוסט און מיר האָבן געקריגן אַ באַפעל, אַז מען זאָל אַלע קינדער ארויסנעמען אויף דער גאַס. מיר האָבן ארויסגעפירט די קינדער, גלויבנדיק, אַז ס׳וועט זיך ווער פאַר־

נעמען מיט די יתומים. אָבער סאַראַ שרעק איז אויף אונז געפֿאַלן וואָס אונזערע אויגן האָבן דעמאָלט צוגעזען:

אַ דייטש איז צוגעגאַנגען צו די ייִנגסטע קינדער, האָט איינס אָנגעכאַפּט ביי די פיסלעך און ס׳קעפּל געקלאַפּט אין דער וואַנט. אַ צווייטער דייטש האָט גענומען אַן אַנדער קינד און עס צעריסן אויף צוויי העלפטן. ווי די גרעסערע קינדער האָבן דאָס דערזען, האָבן זיי געמאַכט אַ גרויס געשריי. דאַן האָבן די דייטשן נישט לאַנג געקלערט און אַלע קינדער אויס־געשאָסן.

— גאָט! — האָב איך אויסגערופֿן — וואָס האָבן די קינ־דער געזינדיקט?

ווען די דייטשן האָבן מיך דערהערט רופֿן צו גאָט, האָבן זיי אויך מיך געוואָלט שיסן, אָבער עמיצער פון דער גרופּע מענער האָט מיך פאַרענטפערט, אַז איך בין בייז אויף אונזער גאָט. דאַן האָט איינער פון די דייטשן אַרויסגעהירזשעט מיט געלעכטער:

— איר ייִדן האָט איין גאָט? איר ייִדן האָט שוין לאַנג נישט קיין גאָט!

איך האָב נישט אויפגעהערט וויינען און צו גאָט רופֿן, האָבן די מענער מורא געקריגן, אַז ס׳וועט זיך שלעכט ענדיקן האָבן זיי מיך אַוועקגעפירט צו אַן אָרט ווייט פון די אויסגע־מאָרדעטע קינדער.

— שווייג, — האָבן זיי מיר געזאָגט — מיר וועלן אַהיים־גיין וועסטו וויינען. מיר אַלע דאַרפֿן וויינען...

זייערע רייד האָבן מיך אַ ביסל באַרואיקט. נאָר ווען מיר זענען אַריין אין אַ דירה וואו אַ וואָך צוריק האָבן נאָך געלעבט מיינע קרובים, האָב איך זיך אויפסניי צעוויינט, — האָבן די מענער גענומען שרייען, אַז איך האָב אַ צו ווייך האַרץ, דער־פאַר וועלן זיי מיך שוין מאָרגן באַזייטיקן פון מיטגיין צו דער אַרבעט. און ווי זיי האָבן אַזוי אויף מיר געשריגן, האָט זיך געעפֿנט אַ שאַנק. עס האָט זיך באַוויזן אַ מאַן מיט אַ פרוי.

ביידע האָבן אַרויסגעשעפּטשעט:

— עס זענען צוריק דאָ יידן?

דער מאַן האָט געזאָגט:

— מיר האָבן געהערט רעדן יידיש, איז מען אַרויס פון דער שאַנק.

די ערשטע מאָמענטן איז פאַר אונז געווען אַ טראָפּן נחמה וואָס דעם פאַר־פאָלק איז געלונגען זיך אויסצובאַהאַלטן, נאָר באַלד האָבן מיר זיך פאָרגעשטעלט וואָס מיט זיי קאָן פּאַסירן: קוים ווען די מערדער זיי דערזען? כדי מען זאָל זיי נישט באַמערקן, האָט מען די פרוי תיכף געשטעלט מיט אונז צו דער אַרבעט. מיט דעם מאַן איז אָבער געווען אַ ביסל קלאָפּאָט, וואָרים ער האָט געהאַט אַ באָרד און אין געטאָ איז שוין אַ ייד מיט אַ באָרד נישט געווען בנמצא.

מיר האָבן געזוכט אַ שער אָפּצושערן די באָרד און דער ייד האָט זיך צעקרעכצט פאַרוואָס האָט נישט גאָט צוגענומען זיין נשמה, איידער מען זאָל אים דאַרפן טון אַזאַ זאַך?

— איר וועט לעבן פעטער, וועט אָנוואַקסן אַ צווייטע באָרד, — האָט מען דעם ייד געטרייסט.

דער ייד האָט אָבער אַלץ געקרעכצט און דאָס זוכן אַ שער איז סיי ווי געווען אומזיסט. אַזוינס איז גאָרנישט געווען צו געפינען. צום סוף האָט מען דעם יידס פּנים אַרומגעבונדן מיט אַ פאַטשיילע און אים אָנגעזאָגט, אַז אויב אַ דייטש וועט פרעגן פאַרוואָס זיין פּנים איז אַרומגעבונדן, זאָל ער זאָגן, אַז די ציין טוען אים וויי.

דאָך איז מען געווען אין גרויס אימה, וואָרים ביים אַרויס־גיין פון געטאָ אינדערפרי האָט מען דאָך אונז „געציילט" און מיטאַמאָל זענען מיט אונז איבעריקע צוויי מענטשן. נאָר מיר האָבן מיט זיי ריזיקירט און זיי זענען מיט אונז מיטגעגאַנגען אַרבעטן אין אַנדערע שטובן.

אין איינס פון די אַנדערע שטובן האָבן מיר ווידער גע־טראָפן אַ טרויעריק בילד: — אויף שמאַטעס איז געזעסן אַ

ייִנגעלע אפֿשר צוויי יאָר אַלט און דעם קינדס ליפּעלעך האָבן געזאָגט: „מאַמאַ, מאַמאַ״. מען האָט דערקענט, אַז דאָס קינד איז אינגאַנצן אָפּגעשוואַכט. עטלעכע טעג האָט עס אוודאי נישט געהאַט געגעסן און נישט געטרונקען. כ׳האָב עס אַ כאַפּ געטון אויף מיינע הענט און גענומען ווילד אַרומזוכן עפּעס עסן פֿאַר דעם קינד.

— צי וואָס טוען זי דאָס? — האָבן די מענער געפֿרעגט

— בעסער זאָלן זי אים גאָרנישט געבן, וועט ער נאָך היינט שטאַרבן... ס׳וועט אים זיין לייכטער...

אַלע מענער זענען געווען מיט דער מיינונג, אַז מען זאָל דאָס ייִנגעלע לאָזן אַליין אויסגיין, איידער עס זאָל נאָך אַריינ־פֿאַלן אין דייטשע הענט און האָבן אַ גרויזאַמען טויט. נאָר איך בין נישט געווען מיט זייער מיינונג. איך האָב געזוכט אַ מיטל ווי אַזוי דאָס קינד אָפּצוראַטעווען. איך האָב געטענהט מען זאָל עס ביז מאָרגן ערגעץ אויסבאַהאַלטן. צומאָרגנס וועט מען אויפֿסניי עפּעס טון. אָבער די מענער האָבן עפּעס אַנדערש געטענהט. זיי האָבן מיר געגעבן צו פֿאַרשטיין, אַז ווען מיר וועלן צוריק אַוועק אין געטאָ אַריין, וועלן די דייטשן נאָכקאָנ־טראָלירן, צי מיר האָבן אַלץ געמאַכט ווי זיי האָבן באַפֿוילן, דעמאָלט וועלן זיי געפֿינען דאָס ייִנגעלע און וועלן אים ממיתן.

אַז איך האָב דערהערט וועגן טויט, בין איך ווידער געוואָרן אינגאַנצן ווילד: — עפּעס מוז געטון ווערן! — האָב איך געפּאָדערט — דאָס קינד מוזן מיר מיטנעמען אין געטאָ אַריין!

— אַזאַ קינד אין געטאָ אַריין? — האָט איינער פֿון די מענער געפֿרעגט — ווען ס׳זאָל זיין אַ דערוואַקסענער, קענען מיר זאָגן מ׳האָט אונז נישט ריכטיק געציילט. אָבער אַזאַ קינד?

— מיר זענען נאָך איינגעשטעלט מיט דעם פֿאַר־פֿאָלק

— האָט דער זעלבער געטענהט — וואָס וועלן מיר טון, מ׳וועט באַ דעם ייד אַראָפּרייסן די פּאַטשיילע און מ׳עט דערזען אַ באָרד? דעמאָלט זענען מיר אַלע פֿאַרלוירענע!

— מיר זענען סיי ווי פאַרלוירענע! — האָב איך געענטפערט.

און מיר איז איינגעפאַלן מען זאָל פון דעם קינד מאַכן אַ פעקל, אַרומבינדן מיט שטריק און ביים אַהיימגיין אין געטאָ אַריין זאָל עס עמיצער נעמען אויף דער פּלייצע. אָבער די מענער האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון טראָגן אַזאַ „פעקל". טאָמער וועלן די דייטשן דאָס פעקל קאָנטראָלירן?

עמיצער האָט צו מיר געזאָגט:

— זי וועלן דאָס קינד נאָר איינפאַקן, וועט עס באַלד שטאַרבן. ס'איז שוין האַלב טויט.

דערווייל האָט מען דאָס קינד געדאַרפט אויסבאַהאַלטן, אַז אַ דייטש זאָל עס נישט דערזען. נאָכדעם ווי כ'האָב דאָס געטון, האָט זיך באַוויזן אַן עס-עס-מאַן און איך האָב זיך צו אים געוואַנדן, אַז איך האָב נישט וואָס אָנצוטאָן. ער זאָל מיר דערלויבן אַהיימצונעמען אַ ביסל מלבושים. ווען ער האָט דאָס מיר דערלויבט, האָב איך דאָס זעלבע געבעטן פאַר אַלעמען.

אַזוי אַרום האָט יעדער גענומען אַ פעקל מלבושים און איך האָב איינגעפאַקט דאָס יינגעלע.

ביים אַריינגיין אין געטאָ, זענען אַלע מענער מיט פעקלעך געגאַנגען פאָרויס. אַזוי האָבן מיר עס געהאַט אָפּגערעדט. איך בין געווען פון די לעצטע און געציטערט, זעענדיק ווי די היטער זוכן אין די פאַרפאַקטע מלבושים. וואָס וועט זיין אויב מיין „פעקל" וועט זיי נישט געפעלן? נאָר אינדעם האָבן די היטער פאַרלוירן ס'געדולד צו קאָנטראָלירן און איך בין בשלום אַדורך מיט מיין „באַגאַזש". דעם ייד מיטן אַרומגעבונדענעם פּנים מיט זיין פרוי האָבן מיר אויך אַדורכגעפירט, ווייל די וואָך ביים טויער איז נישט געווען די זעלבע וואָס אינדערפרי ביים אַרויסגיין צו דער אַרבעט.

אָבער ווי נאָר מיר זענען אַריין אין געטאָ, איך האָב אויסגעפאַקט דאָס קינד, איז עס געווען אָן סימנים פון לעבן. פּונקט האָט זיך צווישן אונז געפונען אַ דאָקטאָר, בין איך

מיט דעם קינד שנעל אַוועק צום דאָקטאָר אין שטוב אַריין.

ווען דער דאָקטאָר האָט שוין געהאַט דעררעטעוועט דאָס קינד, האָבן ערשט מענטשן אויפסניי אָנגעהויבן זאָרגן, אַז דאָס קינד איז אומלעגאַל... מען טאָר נישט האָבן אַזאַ קינד...

— טאָקע דערפֿאַר, ווייל מ׳טאָר נישט — האָב איך געזאָגט — וועל איך האַלטן דאָס קינד. כ׳וועל עס מיר האָדעווען און גאָט וועט העלפֿן.

דערווייל האָב איך געדאַרפֿט אויסגעפינען אַן אָרט צו אױלאָקעווען דאָס קינד אויף ביינאַכט.

אין הויז וואו איך האָב געוואוינט האָט זיך געפונען אַ קליין קעמערל, האָב איך דערין אַריינגעטראָגן אַלטוואַרג מיט שטיקער אַלטע קאָלדרעס און אויסגעבעט אַ געלעגער. נאָכהער אַז כ׳האָב דאָס יינגעלע אַריינגעטראָגן אין דעם קעמערל האָט מיר געריסן דאָס האַרץ ווי עס האָט אַלץ געלאָזט טון מיט זיך אין דעם קעמערל, גלייך עס וואָלט געבוירן געוואָרן אין אַ קעמערל און געוואַקסן אין אַ קעמערל.

— מאַמאַ, — האָט עס כסדר געשעפּטשעט — מאַמאַ.

דעם קינדס שעפּטשערייען האָבן מיך דערמאָנט אין מיינע אייגענע צוויי קינדער. ווער ווייסט, צי מען האָט זיי נישט אַוועקגענומען פֿון זייער אַרבעט אין די קאַשאַרן און אַוועקגעשיקט? און אויב נישט אַוועקגעשיקט, איז אפשר נאָך ערגערס געשען? די מחשבות האָבן מיך נישט געלאָזט איינרוען. און ווי נאָר דאָס קינד איז איינגעשלאָפֿן בין איך אַרויס אינדרויסן. כ׳האָב גענומען נאָכפרעגן ביי מענטשן, וועלכע זענען געהאַט געקומען פֿון אַנדערע אַרבעטס פּלאַצוואוקעס. און ווי איך האָב אַזוי נאָכגעפֿרעגט וועגן מיין זון און טאָכטער האָט מען דערהערט אָנקומען אַ לעצטע פּאַרטיע פֿון דער אַרבעט. מען האָט עמיצן געטראָגן. יעדער איז געלאָפֿן אַ קוק טון וועמען מען טראָגט.

— ער לעבט נאָך! — האָב איך דערהערט ווערטער — ער וועט באַלד שטאַרבן!

און אַ בחור האָט דערציילט, אַז אַן עס־עס מאַן האָט ביי דער אַרבעט אַזוי געשלאָגן דעם שטאַרבנדיקן, אַז ער ראַנגלט זיך מיטן טויט שוין עטלעכע שעה. די דייטשן האָבן געהייסן אים באַגראָבן, האָבן די יידן צוגעזאָגט, אַז זיי וועלן אים נאָר אַריינברענגען אין געטאָ וועלן זיי דאָס טון. איצט וואַרטן זיי ער זאָל שטאַרבן. נאָכהער וועלן זיי אים קובר זיין.

איך האָב מיר געמאַכט אַ וועג צו דעם שטאַרבנדיקן און געוואָלט זען זיין פּנים. און ווען איך האָב דאָס פּנים דער־זען, האָב איך יאָמערלעך אַרויסגעוויינט: — „בינעק! דו ביסט עס? טראָגט אים אַריין צו מיר!" — האָב איך גענומען שרייען. אָבער אַלע אויף דער גאַס האָבן מיך באַדויערט, אַז איך בין אַראָפּ פון זינען. — „וואָס רעדט זי? — האָט מען געזאָגט — דער בינעק איז דאָך אַ טויטער! די לעצטע מינוטן!" נאָר מיינס אַ קוזין איז מיר געקומען צו הילף. ער האָט דעם שטאַרבנדיקן בינעק קאַצמאַן, אַריינגעטראָגן צו מיר און נאָכ־דעם ווי מען האָט אים אויסגעטון, האָב איך שנעל צעריסן אַלטע וועש, שטיקער העמדער מיט שטיקער גאַטקעס און וואַסער איינגעטונקען, און ווי גרויס ער איז געווען האָב איך אַרומגעוויקלט בינעקס לייב מיט נאַסע שמאַטעס.

ס'איז געקומען אַ דאָקטאָר, דער זעלבער, וועלכער האָט אָפּגעראַטעוועט ס'קינד. דער דאָקטאָר האָט אים געמאַכט אַן איינשפּריץ און איך בין געזעסן נעבן בינעקן, און מיר פאַר־געשטעלט זיין מאַמע חנה לאה.

ביז אַכצן יאָר נאָך איר חתונה האָט זי נישט געהאַט קיין קינד, און זי האָט נישט אַזויפיל געוואויגן וויפל עס האָבן געוואויגן די טרערן וואָס זי האָט אויסגעוויינט. איר מאַן איז כמעט יעדן חודש געפאָרן צו אַן אַנדער גוטן ייד און זי האָט נאָר געבעטן צו גאָט: אַז זי וויל באַדיי זיין אַ בעטלערין, גיין אי־בער די הייזער, אַבי זי זאָל פילן דעם טעם פון זיין אַ מאַמע. אַזוי האָט עס אָנגעהאַלטן אַכצן יאָר נאָכאַנאַנד. נאָכדעם אַז זי איז שוואַנגער געוואָרן און געבוירן אַ ייִנגל איז גאָרנישט אי־

בערצוגעבן ווי מען האָט דעריבער געציטערט. אַז די אַקו־שערקע איז געקומען עם באַדן, האָט מען פאַרהאַנגען אַלע פענצטער; ביז דריי חדשים, איז נישט געווען דער ברית; ביז אַ יאָר האָט אַ פרעמדער מענטש דאָס קינד נישט געזען. און ווען ס'איז עלטער געוואָרן, ס'האָט געוואָלט צו די קינדער אויפן הויף אַרויס, האָט מען עס אויסגעהיטן פון אַ שלעכט אויג. און איצט? ווי נעמט מען זיינע עלטערן, אַז זיי זאָלן אים אַנקוקן?

בין איך אַזוי געזעסן נעבן בינעקן און מיך דערמאַנט זיין היים און די גרויסע שמחה פון זיין געבוירן ווערן אויף דער וועלט. נאָר וואָס האָט די וועלט פון אים געמאַכט?

ווען ער האָט געעפנט די אויגן האָב איך געפרעגט:

— איז דיר בעסער, בינעק?

ער האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף יאָ. איך האָב געמאַכט טיי. אַ ביסל האָט ער לעפלוויז אויסגעזופּט. נאָכהער האָב איך נאָכאַמאָל גערופן דעם דאָקטאָר. דער דאָקטאָר האָט געזאָגט, אַז ס'איז שוין שפּעט ביינאַכט. ער קאָן גאָרנישט טון. נאָר אויב בינעק וועט מאָרגן קענען רעדן, זיינע הענט און פיס וועלן נישט זיין צעבראָכן, וועט ער ערשט זען.

— ווער איז ער, וואָס זי וויינען אַזוי? — האָט דער דאָק־טאָר געפרעגט.

ביים אַוועקגיין האָט דער דאָקטאָר אָנגעזאָגט, אַז אַ גאַנצע נאַכט מוז מען בינעקן אַרומלייגן מיט קאַלטע קאָמפּרעסן. און אַ גאַנצע נאַכט האָב איך בינעקן געפּילנעוועט מיט קאַלטע קאָמפּרעסן.

אינדערפרי האָט בינעק אָנגעהויבן אַרויסברענגען ווערטער נישט צום פאַרשטיין. האָב איך צוגערירט מיין פּנים צו זיין פּנים, האָט ער מיך געקושט, אַז כ'זאָל אים ראַטעווען.

— וועסט נאָך איבערלעבן די מערדער, — האָב איך גע־זאָגט — דו ביסט יונג. ביסט אַלט ניינצן יאָר. זאָרג נישט. איך וועל זיין דיין מאַמע.

III

דאָס זיין מיט בינעקן האָט געדויערט אכט, אָדער צען טעג, דערנאָך האָט ער אָנגעהויבן זיך צוריקשטעלן אויף די פיס.

איך האָב געמוזט אוועקגיין צו אַן ארבעט און דאָס פאַסיקע ארבעטס־אָרט פאַר מיר איז נאָר געווען אין די געטאָ־ווארשטאַטן, אָבער צו ארבעטן אין די ווארשטאַטן האָט מען געדאַרפט א דערלויבעניש.

כ׳האָב אויך געוואוסט אַז גוטע מענער־שניידער, גוטע דאַמענשניידער און גוטע קליידער־שניידערינס האָבן געווען דאָרט פאַר דייטשע באַאַמטע, און פאַר זייערע פאַמיליעס. דאָס האָט געהייסן אַז ביי דער „גוטער ארבעט" דאַרף מען נאָך שמייכלען צו די פרויען פון אונזערע מערדער. האָב איך דערפאַר באַשלאָסן נישט אויפצוגעבן זיך אַלס שניידערין פון קליידער.

דער אָנפירער פון די געטאָ־ווארשטאַטן איז געווען א פּאָליאַק, שאַלוויצקי. ווען איך האָב שוין געהאַט א דערלויבעניש בין איך אריין אין זיין ביוראָ.

— וואָס קענען זי נייען ? — האָט שאַלוויצקי געפרעגט.

איך האָב אים געענטפערט, אַז מיין ספעציאַליטעט איז „מענער וועש" און מיין האַרץ האָט אין מיר געציטערט : טאָמער פרעגט ער עפּעס איינצלהייטן פון דער ארבעט, האָב איך נישט קיין אָנונג דערין. כ׳האָב צומאָל נישט געוואוסט ווי מען הייבט עס אָן.

— נאָר מענער וועש ? — האָט שאַלוויצקי געפרעגט — דאָס איז אַלץ וואָס זי האָבן געלערנט ?

— יאָ.

— קומען זי !

שאַלוויצקי האָט מיך אריינגעפירט אין א גרויסן מאַגאַזין. אויף טישן און אויף דער פאָדלאָגע זענען געלעגן אַנגעוואָרפן העמדער, ווי קופּעס היי אויפן פעלד. כ׳האָב געזען ווי פרויען טראָגן אריין פאַרטיקע וועש און ווי זיי נעמען צום

נייען פון פריש צוגעשניטענע שטויסן. נעבן מיר איז באַלד אויסגעוואַקסן דער מייסטער אברהם יאַמעס. ער האָט אַ פרעג געטון:

— זי קענען נייען וועש? זי זענען באַקאַנט מיט דער מלאכה?

— יאָ, — האָב איך געענטפערט — כ׳האָב אַמאָל גענייט וועש. איך געדענק נאָך אַ ביסל.

און כ׳האָב אים געבעטן ער זאָל מיר געבן אַ פּאַרטיק העמד, ווײַל איך זען ווי אַזוי מען מאַכט עס אין שאַפּ.

— גוט, זי באַקומען אַ פאַרטיק העמד, — האָט יאַמעס געזאָגט — כ׳וועל זען אײַנם פעאיקייטן!

אחוץ אַ פּאַרטיק העמד האָט יאַמעס מיר דערלאַנגט אַ פּאָר צוגעשניטענע און מיך אַרײַנגעפירט אין אַ גרויסן זאַל וואו בײַ נײַ-מאַשינען זענען געזעסן פרויען מיט מענער, און אַלע האָבן אויף מיר געקוקט מיט פרעמדקייט, כאָטש אַלע האָבן מיך געקענט.

יאַמעס האָט מיר אָנגעוויזן אויף אַ בענקל בײַ אַ נײַ-מאַשין. ער איז פאַרשוווּנדן און איך האָב נישט געוואוסט ווי אַזוי מען הויבט אָן אַרײַנקריכן אין דער אַרבעט. כ׳האָב מיר געבראָכן מײַן קאָפּ. אינמיטן דערין האָב איך מיך דערמאָנט וועגן בי־נעקן מיט דעם קליינעם ייִנגעלע.

איך זיץ אין שאָפּ און מיט זײַ קאָן דאָרט דערווײַל עפּעס פּאַסירן. די מחשבות האָבן מיך נישט געלאָזט רואיק בײַ דער מאַשין. נאָר אָט האָב איך געכאַפּט אַ בליק ווי עמיצער נייט — אַרבל. כ׳האָב זיך צוגעקוקט נענטער און שוין אָנגע־הויבן דאָס נאָכמאַכן. אַזוי נאָכאַנאַנד. דערצו האָב איך נאָך געהאַט דאָס אויפגענייטע העמד, האָב איך דערין אַרײַנגע־פאָרשט ווי אין עפּעס אַ ספר.

נאָך פיל קאָפּברעכעניש האָב איך פון דער מאַשין אַרויס־געקריגן אַ פאַרטיק העמד. כ׳בין דערמיט אַרײַן צום מייסטער, אברהם יאַמעס. ער האָט געקוקט אויף דעם העמד אָן אי־

בעראשטער. ווי שיין כ'האָב עס געמאַכט.

— און אַזוי שנעל! — אַז דו האָסט יאָ אַזוי שנעל אויפ־געניייט, גיב איך דיר נאָך פינף העמדער! לאָמיר זען ווי לאַנג ס'וועט דויערן!

איך בין צוריקגעגאַנגען צו דער מאַשין און גאָרנישט מער געזען נאָר העמדער! העמדער מיט העמדער האָבן מיך גע־יאָגט!

ווען כ'האָב זיי אויסגעפאַרטיקט און אַריינגעטראָגן צו יאַמעסן האָט ער מיך שווייגנדיק אָנגעקוקט. נאָכהער האָט ער אַריינגערופן אַ פרוי און צו מיר אַ זאָג געטון:

— אויב זי קענען אַזוי שנעל נייען, אַזוי פּרימאַ, זאָלן זי אויסלערנען די פרוי נייען. אַ גאַנצן טאָג מאַכט זי איין העמד און ס'איז נישט גוט אויפגענייט...

— כ'וועל זי אויסלערנען, — האָב איך געענטפערט.

און באַלד איז די פרוי געווען מיט איר מאַשין נעבן מיין מאַשין. אַ צייט האָבן מיר ביידע שווייגנדיק געטון אונזער אַרבעט, נאָר בעת איך האָב דעם ווייבל אָנגעוויזן עפּעס אויס־צובעסערן אויפן פראָנט פון אַ העמד, האָט זי אָנגעהויבן גיסן מיט טרערן און מיר דערציילט, אַז דער מייסטער יאַמעס, איז געווען שולדיק אין איר בראָך. ער האָט גאָרנישט געטון מען זאָל נישט אָוועקשיקן איר מאַן. זי איז געבליבן מיט צוויי קליינע קינדער. איצט איז יאַמעס אַ גוטער און פאַרלאַנגט מען זאָל זי לערנען.

מיט אַ געוויין האָט די פרוי גערעדט:

— ווי קאָן איך מיך לערנען? מיין קאָפּ איז מיר צעבראָכן! כ'האָב נישט קיין עסן פאַר מיינע קינדער!

און וויינענדיק האָט זי אויפגעהויבן די הענט מיט אַ גע־בעט צו גאָט, אַז זי זאָל זיך ביינאַכט לייגן און נישט מער אויפשטיין.

אירע רייד מיט איר געוויין איז געווען אַזוי האַרצרייסנ־דיק, אַז כ'האָב געפילט עס נעמט מיר אָפּ הענט און פיס, און

באלד איז מיר דורך אַ מחשבה, אַז איך טאָר נישט זיצן אַזוי נאָענט מיט דער פרוי. אין שאַפּ האָב איך געוואָלט פאַרגעסן אַלע צרות און אויב די פרוי וועט אין מיר אַריינוויינען, וועט מיין קאָפּ צעטומלט ווערן, כ׳וועל אַפילו נישט פעאיק זיין צו טון מיין אייגענע אַרבעט. מיט אַזעלכע מחשבות האָב איך זיך אויפגעכאַפּט פון דער מאַשין; כ׳בין אַריין צו יאַמעסן און אים דערקלערט, אַז איך בין נערוועז, אַז איך האָב נישט קיין געדולד צו לערנען.

יאַמעס האָט מיך אָנגעקוקט. ער האָט געטענהט:

— דעם ערשטן טאָג און בונטעוועט זיך שוין! זי פאַרגעסט ווי זי געפינט זיך!

— אפשר דרייסיק פערזאָן אַרבעטן אין אונזער אָפּטיילונג, — האָב איך געזאָגט — די פרוי קאָן זיך לערנען ביי עמיצן אַנדערש.

עטלעכע טעג שפּעטער האָבן די דייטשן געגרייט אַ טראַנספּאָרט אין יענע מקומות אַריין, פונוואַנען מען קומט נישט מער צוריק. פאַר מיין אָפּזאָג צו לערנען די פרוי האָט יאַמעס מיך אַרויפגעשטעלט אויף דער ליסטע. אָבער אינעם טאָג ווען דער טראַנספּאָרט מענטשן האָט געדאַרפט אַרויס פונעם געטאָ, האָב איך גענומען בינעקן מיט דעם קינד און זיך מיט זיי אויסבאַהאַלטן אין אַ קאַמער. מיין קוזין אהרן האָט די קאַמער פאַרשלאָסן מיט אַ פעסטן שלאָס און מיר אָנגעוווינטשן, אַז קיינער זאָל דאָס שלאָס נישט אויפרייסן, נאָר ער גופא זאָל עס עפענען.

אפשר אַ שעה נאָך זיין אַוועקגיין האָט מען שוין געהאַקט שלעסער פון קאַמערן.

דער שוואַכער בינעק האָט זיך אין מיר געטוליעט. דאָס קליינע יינגעלע האָב איך געהאַט אויף מיינע הענט און איבער אונזערע קעפּ זענען געלעגן שמאַטעס מיט זעק וואָס מיין קוזין האָט אויף אונז געהאַט אַרויפגעלייגט, איידער ער האָט אונז אין דער קאַמער פאַרשלאָסן. זענען מיר געזעסן אונטער־

די שמאַטעס מיט זעק און איך האָב געבעטן צום רבונו של עולם: — „איך בין יעצט אַ מאַמע פון פיר קינדער. נעם מיך נישט אַוועק, איך זאָל קענען דערציילן די נסים״. און בעטנ־דיק אַזוי האָב איך דערהערט קלעפּ פון גאַר נאָענט. מען איז שוין געשטאַנען ביי אונזער קאַמער, נאָר ס׳איז געשען אַ נס וואָס אינדרויסן האָט עמיצער געטענהט:

— וואָס אַרבעטסטו אומזיסט? האָסט אויפגעריסן עט־לעכע קאַמערן און קיינעם נישט געטראָפן! דאָ איז באַשטימט נישטאָ קיינער!

נאָך אַ פּאָר קלעפּ האָב איך געהערט. נאָכדעם איז שטיל געוואָרן און מיר האָבן פון זיך אַראָפּגעוואָרפן די זעק מיט שמאַטעס. אָבער מיר האָבן זיך נישט גערירט פון אָרט. אַזוי האָט עס געדויערט ביז שפּעט פאַרנאַכט, ביז מיין קוזין אהרן איז געקומען פון דער אַרבעט און אויפגעמאַכט די קאַמער.

— פאַרצייטישע נסים! — האָט ער אויסגערופן — מיט אייך איז היינט געשען פאַרצייטישע נסים!

---

צומאָרגנס האָב איך בינעקן מיטן קינד איבערגעלאָזט אין שטוב. מיך האָט געטריבן עפּעס געוואויר צו ווערן וועגן מיין זון און טאָכטער. וואָכן זענען געהאַט פאַרביי, אַז כ׳האָב גאָרנישט געהערט און גאָרנישט געוואוסט פון זיי.

כ׳האָב נאָר געוואוסט, אַז זיי זענען „איינקאָשאַרירט״ און אַרבעטן אין די קאָשאַרן. די ערשטע צייטן פלעגן זיי נאָך פון דאָרט אַהיימקומען אויף נאַכטלעגער, אָבער זינט זיי נעכטיקן דאָרט האָב איך נישט איינמאָל פּלאַנירט וועגן אַרויסגנבענען זיך פון געטאָ און אַהינגיין צו זיי. דאָס מאָל האָב איך אויך געהאַט אַזאַ פּלאַן. ווען איך בין שוין געווען נאָענט פון געטאָ־פאַרקאַן, האָב איך דורך אַ שפּאַרע דערזען דעם פּאָליאַק יאַ־גאָדאַ. יאַגאָדאַ איז געווען אונזער שטענדיקער האַנדלס פאַר־מיטלער. דורך יאַגאָדאַס מעקלעריי, האָבן פּאָליאַקן געהאַט אַרויסגעקויפט פאַרשידענע זאַכן פונעם געטאָ. יאַגאָדאַ האָט

אַ פֿרעג געטון צי כ׳וויל עפּעס פֿאַרקויפֿן?

— האָסט אפֿשר אַ פּאָר קישנס? — האָט ער געפֿרעגט.

— יאָ, — האָב איך געענטפֿערט — נאָר איך האָב נישט גערעדט וועגן מסחר. צו וואָס האָט מיר געטויגט דער מסחר מיט אַ פּאָר קישנס?

איך האָב דעם יאַגאָדאַ געבעטן, צי ער וועט פֿון מיר נעמען אַ בריוול און אַוועקטראָגן צו מיינע קינדער אין די קאַזאַרמעס אַריין?

— גוט, — האָט ער געזאָגט — כ׳וועל שוין באַזאָרגן! ברענג שנעל!

כ׳בין אים זייער דאַנקבאַר געווען דעם יאַגאָדאַ און כ׳בין געלאָפֿן אַ גליקלעכע וואָס מען וועט איבערגעבן מיינע קינדער עטלעכע געשריבענע ווערטער.

נאָר ווען איך בין שוין געווען אין שטוב און געהאַלטן אין אָנשרייבן די עטלעכע ווערטער אַוועקצוגעבן דעם פּאָליאַק, האָט זיך פּלוצים געעפֿנט די טיר. מיין זון איז אַריינגעפֿאַלן ווי משוגע און מיך אַרומגעכאַפּט קושן.

כ׳האָב נישט געגלייבט מיינע אויגן. עס האָט מיר אויסגעזען ווי אַ חלום. עטלעכע מאָל האָב איך איבערגעפֿרעגט:

— דו ביסט עס, זלמן?

איך האָב אַלץ מיינע אויגן נישט געגלויבט און מיין זון האָט מיר שנעל דערציילט, אַז ער האָט זיך אויסגעסטאַרעט איך זאָל מעגן מיטגיין אין די קאַשאַרן אַריין. אַ זעלנער האָט אים פֿון דאָרט אַהערגעפֿירט. דער זעלנער וואַרט ביים פֿאַרקאַן.

— מאַמעשי, קום! מיר מוזן שוין גיין! — האָט מיין זון געזאָגט — יאַך וועל רעדן מיטן עלטסטן פֿון די קאַשאַרן — וועסטו דאָרטן בלייבן מיט אונז!

— דאָ האָב איך אויך צוויי קינדער — האָב איך אים געענטפֿערט אָנווייזנדיק אויף בינעקן מיטן יינגעלע.

— דערווייל מוזטו גיין צו אונז. דער זעלנער וואַרט!

אין מינוטן אַרום זענען מיר אַרויס פון געטאָ.
אויפן וועג צו די קאַזאַרמעס זענען מיר אָבסערווירט געוואָרן פון כלערליי פאַרבייגייער און מיין זון האָט מיר געזאָגט, אַז איך זאָל קויפן אַ פלאַש שנאַפּס, און דעם זעלנער געבן אַ מתנה צוויי פעקלעך ציגאַרעטן.

---

אין די קאַשאַרן איז געווען טומלדיק פון דייטש מיליטער. מיין זון האָט מיך אַריינגעפירט אין אַ קאָרידאָר פון אַ גרויסער, מיליטערישער געביידע. פון ערשטן גאָרן האָב איך דערהערט מיין טאַטעס קול. זי האָט מיך געהאַט דערזען דורך אַ פענצטער און מיר אַקעגנגעלאָפן מיט פרייד. כ׳האָב געהערט ווי נאָך קינדער פרייען זיך מיט איר פרייד. און ווי נאָר מיין טאָכטער האָט זיך מיט מיר אַרומגעהאַלזט, און זיך מיט מיר געקושט, בין איך געוואָרן אַרומגערינגלט פון אַ גרופּע יונגע מיידלעך.
די גאַנצע גרופּע מיידלעך האָבן מיך אַרויפבאַגלייט אויפן ערשטן גאָרן. מען האָט מיך אַריינגעפירט אין אַ גרויסן, ליכטיקן זאַל. מען האָט פאַר מיר איבערגעציילט אַכצן בעטלעך. די בעטלעך זענען געווען שיין פאַרבעט, איבערגעדעקט מיט זעלנערישע קאָצן. איין בעט איז געווען אַרומגעדעקט מיט ווייסן. איך בין נייגעריק געוואָרן און געפרעגט צו וועמען געהערט דאָס בעט?
די מיידלעך האָבן געזאָגט:
—אין דעם בעט וועלן זי שלאָפן!
— איך?
— יאָ, דאָס איז צוגעגרייט פאַר אייך!
כמעט יעדע פון די מיידלעך האָט דאָס מיר געזאָגט מיט אַ שמייכל, אָבער אין יעדן שמייכל האָב איך געזען אַ גרויסע ביטערע קלאָג.
כ׳האָב די מיידלעך געוואָלט פריילעך מאַכן, איז וואָס איך האָב געהאַט איינגעקויפט אויפן וועג, האָב איך קודם אַרויפ-

געלייגט אויפֿן טיש. נאָכהער האָב איך אָנגעגאָסן אַ טאָפּ מיט וואַסער און דאָס אַרויפֿגעשטעלט אויף דער קיך, אויפֿצוקאָכן זעלנערישע קאַווע פֿאַר אַלע אַכצן מיידלעך.

און צוביסלעך איז געוואָרן לעבעדיק אין דעם גרויסן זעל־נערישן זאַל. יעדעם מיידל האָט צום טיש געבראַכט אַ פּאָר־ציע ברויט, פּאַווידלע מיט קעז, וואָס זיי פֿלעגן באַקומען יעדן דריטן טאָג.

צום טיש האָט מען אַרײַנגערופֿן אַ דייטש, וועלכער איז געווען באַלעבאָס און אויפֿזעער איבער אַלע מיידלעך.

מײַן טאָכטער האָט מיך פֿאָרגעשטעלט פֿאַר דעם דייטש. ער האָט זיך מיט מיר באַגריסט און איך האָב אים געזאָגט, אַז אַזוי ווי איך בין יעצט „די מאַמע פֿון אַלע קינדער”, בעט איך ער זאָל זיי גוט באַהאַנדלען. דערפֿאַר וועל איך אים באַ־לוינען מיט אַ שיינעם פּרעזענט.

— יאָ, נאַטירליך! — האָט ער אויסגערופֿן.

איך האָב אים דערלאַנגט דעם פֿלאַש בראָנפֿן וואָס כ׳האָב אויפֿן וועג געקויפֿט. נאָכהער האָב איך געפֿרעגט, צי כ׳מעג יעדן זונטיק אַהערקומען צו די מיידלעך?

— יאָ, נאַטירליך!

נאָך דעם ענטפֿער בין איך געוואָרן דרייסטער, פֿרעגנ־דיק אויב די מיידלעך וועלן דעם צווייטן זונטיק מעגן קומען אין געטאָ אַרײַן?

אויף דעם האָט דער דייטש אויך אײַנגעשטימט. ווי לאַנג ער האָט געזויפֿט דעם בראָנפֿן פֿון דער פֿלאַש, איז אויף אַלעם געווען זײַן ענטפֿער:

— יאָ, נאַטירליך!

אַזוי כסדר, ביז ער איז אָן אָנגעזויפֿטער אַרויס פֿונעם זאַל.

איך בין געבליבן מיט די יונגע מיידלעך און ערשט דער־זען, אַז יעדע פֿון זיי דאַרפֿט נאָך אַ מאַמע מיט אַ היים. אַלע האָבן געבעטן איך זאָל מיט זיי פֿאַרבלײַבן אין די קאַשאַרן.

נאָכמער האָט דאָס געוואָלט מיין טאָכטער, נאַכעלע. זי האָט מיך ארומגענומען און מיך נישט אָפּגעלאָזט.

— בלייב דאָ — האָט זי געזאָגט — פאַרוואָס זאָלן מיר נישט זיין צוזאַמען?

איך האָב אָנגעהויבן דערציילן וועגן בינעקן מיטן קליינעם יינגעלע און נאָכדעם האָב איך מיט אַלע מיידלעך אָפּגעהאַלטן אַ גאַנצע בעראַטונג, צי איך זאָל מיט זיי איבערבלייבן, אָדער צוריקגיין אין געטאָ? די בעראַטונג האָט געדויערט ביז צום שלאָפן.

נאָר ווען אַלע מיידלעך זענען שוין געשלאָפן, האָב איך זיך צוריק אָנגעטון. פון דער עלעקטרי האָט עפּעס געלויכטן, בין איך געגאַנגען פון שאַנק צו שאַנק און באַטראַכט אַלע מיידלערישע וועש, קלאַרע, און שמוציקע. און וואָס איך האָב געפונען צעריסן, האָב איך פאַרנייט און פאַרלאַטעט, זאָקן פאַרצירעוועט. אַזוי בין איך אָפּגעזעסן ביז טאָג.

פאַרטאָג האָב איך געמאַכט פייער אין דער קיך. כ'האָב אַרויפגעשטעלט אויפצוקאָכן וואַסער. ווען די אַכצן מיידלעך זענען אויפגעשטאַנען, איז שוין געווען הייסע קאַווע און דער פרימאָרגן איז פאַר זיי געווען אַנדערש פון אַלע פרימאָרגנס.

אַלע זענען געווען פריילעך און געלאַכט ביים פרישטיק.

נאָכן פרישטיק האָבן די מיידלעך געקריגן פאַר מיר אַ דערלויבעניש מיטצוגיין זען ווי זיי אַרבעטן. איך בין נייגעריק געווען, וועלכע אַרבעטן טוען זיי אין די קאַשאַרן?

אויפן קאַזאַרמע הויף איז געווען פוסט און שטיל. מען האָט נאָר געזען איינצלנע זעלנער. די אַרבעט פון די מיידלעך איז באַשטאַנען אין אויפרוימען די זעלנערישע באַראַקן. עטלעכע דערוואַקסענע יונגעלייט האָבן אויפגעפרישט ווענט. מיין זון האָט געהאָלפן שטעלן אויוונס.

צו מיטאָג בין איך ווידער געזעסן מיט אַלע מיידלעך אינעם זעלבן זאַל וואו זיי זענען געשלאָפן. מיין צוועלף יאָריקע טאָכטער האָט ווידער פּרובירט רעדן, אַז איך זאָל נישט צוריקגיין

אין געטאָ, וואָרים די לעצטע וואָכן וואָס זי האָט גאָרנישט גע־הערט פון מיר האָט זי שטאַרק איבערגעקלערט. זי האָט שוין נישט געגלייבט, אַז איך לעב.

— פאַרוואָס זאָלן מיר נישט זיין צוזאַמען? — האָט זי ווידער געפרעגט — אין געטאָ איז דען בעסער ווי דאָ?

עטלעכע שעה שפּעטער, ווען איך האָב זיך געגרייט אַוועק־צוגיין האָבן זיך אַלע מיידלעך פאַרזאַמלט אַרום מיר.

— מיט אין איז איז אונז געווען פריילעך — האָט אַ מיידל געזאָגט — זי גייען אַוועק, ווען מיר בענקען.

מיין טאָכטער מיט מיין זון זענען געשטאַנען פאַרזאָרגטע און טרויעריקע. איך האָב זיי געדאַרפט אַרומנעמען און טרייסטן, אָבער טרייסטן האָב איך געדאַרפט — אַלעמען. נאָר מיינע קינדער זאָלן פילן אַ מאַמע, וואָלט געווען אַ זינד. פאַר אַלע האָב איך געמוזט זיין אַ מאַמע. כ'האָב זיך צעקושט מיט אַלע מיידלעך. אַלע האָבן מיך באַגלייט צום קאַזאַרמע טויער. ווייטער איז זיי נישט דערלויבט געווען צו גיין.

אויף דער גאַס זענען מיינע אויגן פאַרלאָפן מיט טרערן. דער זעלנער, וועמען די קינדער האָבן מיטגעשיקט, ער זאָל מיך באַגלייטן צום געטאָ, האָט מיר אַרויסגעוויזן מיטלייד און מיך גענומען אונטערן אָרעם. ער האָט מיך געוואָלט פירן אויפן טראָטואַר, האָב איך אים געזאָגט, אַז איך בין אַ יידי־שע און דאָס גיין אויפן טראָטואַר איז מיר פאַרבאָטן.

דער זעלנער האָט זיך זייער געחידושט און איך האָב אים דערציילט, אַז מען האָט שוין אַרויסגעשיקט כמעט אַלע יידן פון שטאָט.

ער האָט געפרעגט:

— וואָהין ווערן די געשיקט?

---

אַחוץ בינעק מיטן יינגעלע מיט מיין קוזין אהרן, האָב איך אין שטוב געטראָפן אַ גרופּע מענער פון היטלמאַכער שאָפּ. מיין צוריקקומען פון דער קאַזאַרמע האָט אַלעמען איבערראַשט.

— זי זענען געשלאָפן אין די קאַשאַרן? — האָבן זיי געפרעגט — ווי זעט דאָרט אויס?

איך האָב דערציילט וועגן די אַכצן יונגע מיידלעך און, אַז כ׳וועל אפשר דאַרפן אָנגרייטן אַ גרויס מיטאָג אויף זונטיק, ווייל עס קאָן געשען, אַז זונטיק זאָלן אַלע מיידלעך אַהערקומען. די היטלמאַכער האָבן זיך געוואונדערט:

— מ׳עט זיי דערלויבן אַהערצוקומען?

— יאָ, — האָב איך געזאָגט — כ׳האָב דעם אויפזעער געגעבן אַ פלאַש בראָנפן. ער וועט שוין מאַכן זיי זאָלן אַהער־קומען.

דערווייל בין איך צוריק אַריין אַרבעטן אין שאַפּ. מיין מייסטער איז ווידער געווען אברהם יאַמעס. ער פלעגט מיר דערגיין די יאָרן און איך פלעג באַדויערן פאַרוואָס האָב איך נישט געפאָלגט מיינע קינדער? פאַרוואָס בין איך נישט פאַר־בליבן מיט זיי אין דער קאַזאַרמע? נאָר אַז כ׳פלעג מיך דער־מאָנען אין דעם קליינעם יינגעלע מיט בינעקן, פלעג איך אַלץ נעמען פאַר ליב. איך פלעג מיר מאַכן געדולד און אויס־שטיין דעם מייסטערס אַלע קאַפּריזן.

איינמאָל אינדערפרי האָט מען אין שאַפּ אַריינגעוואָרפן אַ טראַנספּאָרט געשניטענע אונטערוועש פאַר דער דייטשער אַרמיי: „דאָס מוז געמאַכט ווערן עקספּרעס" — האָט יאַמעס געמאָלדן.

עס זאָל קלאַפּן „עקספּרעס" האָט יאַמעס קודם איבער־געזעצט די שנעלע אויפּטוער צו די בעסערע — מאַשינען. די פּאַמעלעכע, צו ערגערע — מאַשינען. מיך האָט ער אויך געוואָלט איבערזעצן. — „ביי אינם מאַשין מוז זיצן אַ שנעלער אַרבעטער". — האָט ער אַ זאָג געטון. אָבער מיט די ווער־טער האָט ער מיך אַריינגעטריבן אין דער אַמביציע און איך האָב אים פאַרזיכערט, אַז כ׳וועל אים דורכן טאָג צושטעלן אַזויפיל אַרבעט, וואָס אַנדערע דריי וועלן דאָס נישט אויס־פאַרטיקן.

און אזוי איז טאקע געווען:

ביז מיטאג, האב איך געהאט אויסמאשינט איין נארמע אונטערוועש און נאך מיטאג, א צווייטע נארמע.

ווען איך האב דאס אריינגעטראגן צו יאמעסן האט ער אלץ צופרידן איבערגעציילט. דערנאך האט ער אלץ פארשריבן אין ארבעטס-בוך. דערנאך האט ער צו מיר א זאג געטון מיט א שמייכל:

— א גוטע נאכט!

— זא מיר א כפרה! — האב איך מיר געקלערט. וויל נאר ארבעט, וועל איך שוין זען צו מאכן וואס שנעלער. ווען כ'ניי שנעל איז עס פאר מיר א רפואה, דעמאלט האב איך נישט קיין צייט אריינצוקלערן אין מיינע צרות.

נאך אזעלכע עטלעכע טעג פון יאגנדיקער ארבעט, האט יאמעס געפרעגט, צי איך קאן איבערשניידן גרויסע ציכן אויף קליינע ציכלעך?

— יא, — האב איך געענטפערט.

יאמעס האט מיך אריינגערופן אין מאגאזין, וועלכער איז געווען אנגעשטאפט מיט פארשידענע מלבושים און מיט פאר־שידן בעטצייג פון טויזנטער ארויסגעשיקטע משפחות. מען האט מיר אנגעלייגט א קופע ציכן. ווען איך האב די ציכן אריינגעטראגן אין שאפ און זיי אנגעהויבן איבערשניידן, האב איך מיטאמאל דערזען, אז ביי אלע מאשינען איז מען אויף מיר אנגעבלאזן. וואס האט פאסירט? קוים וואס דער יאמעס איז א ביסל דעליקאטער געווארן צו מיר און קוים וואס איך האב א ביסל אפגעאטעמט, איז גאר די מענטשן אין שאפ? וואס זענען זיי אויף מיר אנגעבלאזן? וואס האב איך זיי גע־טון? און קלערנדיק אזוי האב איך איבערגעשניטן די ציכן און זיך אוועקגעזעצט צו דער מאשין. אבער ווי נאר איך האב אנגעהויבן נייען, איז צו מיר צוגעקומען א „דעלעגאציע" מיט א פאדערונג, אז: „כ'זאל נישט מאכן אזויפיל ארבעט".

די דעלעגאציע האט צו מיר געטענהט:

— אז זי מאַכן אַ סך, ווײל דער מאַסטער, יעדער זאָל מאַכן אַ סך!

— דאָס איז נישט צום ענדערן — האָב איך געענטפערט.

— אויב כ׳וועל מאַכן ווינציקער ווי ביז היינט, וועט מיך יאָמעס באַשולדיקן, אַז כ׳וויל נישט אַרבעטן.

— ניין, איך קאָן נישט איינשטימען מיט אייך. — האָב איך זיי ווייטער געענטפערט. דאָך האָב איך געפילט, אַז כ׳טו אַלעמען אין שאַפּ אַ גרויסע עוולה. אָבער אַנדערש האָב איך נישט געטאָרט, ווייל אַ צאָל פון די מענטשן זענען פאַר דער מלחמה געווען רייך, האָבן נאָך ערגעץ געהאַט באַהאַלטענע פאַרמעגנס און ווען ס׳פלעגט קומען צו אַן „אַקציע", האָבן זיי זיך אויסגעקויפט. און איך? בין איך דען געווען שולדיק, וואָס איך האָב מיר נאָר געקאָנט אַרויסהעלפן מיט מיינע הענט?

האָב איך אַזוי אָפּגעהאַרעוועט אַ גאַנצע וואָך און זונטיק איז מיין טאָכטער געקומען פון די קאַשאַרן מיט אַלע מיידלעך. איך האָב פאַר אַלעמען געמאַכט מיטאָג. כ׳האָב אויך באַזאָרגט אַ מתנה פאַר זייער אויפזעער, און פאַר דעם זעלנער, וועלכער האָט זיי געפירט פון די קאַשאַרן.

דעם צווייטן זונטיק און אַ זונטיק שפּעטער זענען די מיידלעך אויך געקומען צוגאַסט פון די קאַזאַרמעס. אָבער איינמאָל אין אַ וואָכנטאָג האָט מען מיר צו וויסן געטון אין שאַפּ אַריין, אַז אַלע מיידלעך שטייען אין געטאָ מיט זעק אויף די פּלייצעס. איך האָב שנעל פאַרלאָזט די מאַשין. אינדרויסן האָבן מיך אַלע מיידלעך אַרומגערינגלט און מיינע קינדער האָבן מיר דערציילט, אַז אין די קאַשאַרן איז געקומען אַ באַפעל: — „אָפּשיקן די יידן אין געטאָ. יידן טאָרן זיך נישט געפינען אין די קאַשאַרן".

און זיי האָבן דערציילט סאַראַ רעפּעראַט מען האָט דאָרט פאַר זיי געזאָגט:

„יידן האָבן שוין נישט קיין גאָט. דעם יידישן גאָט האָט

מען שוין פונלאַנג אויפגעגעסן. נאָר איין גאָט איז פאַראַן וואָס זיגט און וועט זיגן"...

און אַלע האָבן געמוזט אויסרופן: — „יאָ, זאָ איז עס!" און נאָכדעם האָט מען זיי געהייסן אַרויסגיין פון דער קאַזאַרמע.

מיט די קינדערס קומען איז אין געטאָ געוואָרן אַ צערו־דערונג. מען האָט נאָכאַנאַנד אַריינגעטראַכט אין דער געשעע־ניש: פאַרוואָס? און וואָס באַדייט עס? נאָר דערווייל איז נישט געווען וואו צו שלאָפן פאַר די אַכצן מיידלעך מיט וועל־כע עס זענען געהאַט מיטגעקומען אַ גרופּע ייִנגלעך. פאַר איין ייִנגל מיט מיין זון האָב איך געמאַכט געלעגער אויפן טיש אין מיין בשותפותדיקער שטוב וואו עס זענען געווען איינ־קוואַרטירט נאָך צוויי פאַרפעלקער. מיין טאָכטער מיט נאָך אַ מיידל, האָב איך אַריינגענומען צו מיר אין בעט. עטלעכע מיידלעך האָבן זיך אויסגעבעט אויף דער פאָדלאָגע. די רעשט זענען אַוועק אין אַנדערע שטובן.

---

אחוץ די מאַטעראַניש וועגן געלעגערס פאַר די מיידלעך און ייִנגלעך, איז געווען נאָך עפּעס: אַלע זענען געהאַט געבליבן אָן אַרבעטס־פּלאַצוואוקעס; און דאָס זיין אָן אַרבעט אין געטאָ האָט געדראָט מיט לעבנס געפאַר.

איך האָב מיך געווענדעט צו שאַלוויצקי, צום אָנפירער פון די וואַרשטאַטן, אַז ער זאָל כאָטש באַשעפטיקן מיין זון מיט מיין טאָכטער.

— גוט, כ'וועל עס אינזינען האָבן — האָט שאַלוויצקי מיר געענטפערט.

האָט זיך פונקט עפּעס פאַרלאָפן אין אונזער אַרבעטס־אָפּטיילונג: אַ ניי־מאַשין איז קאַליע געוואָרן. יעדער האָט פּרובירט די מאַשין רעפּערירן, אָבער קיינער האָט דאָס נישט געקענט. איך האָב געזען אַז איך וואָלט די ניי־מאַשין יאָ רע־פּערירט, האָב איך אָבער געקלערט, צי דאָס אַרויסווייזן מיי־נע קענטעניש וועט מיך נישט אַריינפירן אין נייע צרות?

כ׳האָב געטראַכט און געטראַכט. צום סוף האָב איך פאַר־שטאַנען, אַז כ׳וועל דערמיט געווינען „פּראָטעקציע״ פאַר מיי־נע קינדער, אַז מען זאָל זיי אַריינגעמען אויף אַרבעט אין די וואַרשטאַטן.

ווידער האָט מען אויספּרובירט די מאַשין און דער מייס־טער יאַמעס האָט געטענהט, אַז דעם „קליאַק״ איז נאָר אַרויס־צוּוואַרפן.

— איך וועל דעם קליאַק פאַרריכטן — האָב איך זיך אָנגערופן.

יעדער האָט אויסגעשטעלט אויגן אויף מיר.

— פונוואַנען קענען זי? — האָט יאַמעס געפרעגט.

איך האָב געענטפערט, אַז כמעט פופצן יאָר האָט מיין מאַן געפירט אַ וואַרשטאַט פון פאַרריכטן ניי־מאַשינען און אַז „אַ שיקסע ביים רב קאָן אויך פסקענען שאלות״.

ס׳איז געוואָרן אַ געלעכטער און יאַמעס האָט שוין געוואָלט זען ווי איך טו די אַרבעט:

— נו, לאָמיר זען! כ׳וויל זען וואָס זי קענען!

— לאָזט מיך אַליין ביי דער מאַשין — האָב איך פאַר־לאַנגט.

אין דער מאַשין איז פאַקטיש געווען צו טון אַ קליינִי־קייט, נאָר איך האָב באַלעמוטשעט צייט מיט אַרויסשרויפן און צוריק אַריינשרויפן. ווען איך בין פאַרטיק געוואָרן, איז יאַמעס אַריינגעקומען. ער האָט געהייסן אויספּרובירן די מאַ־שין. יעדער האָט זי אויספּרובירט. יאַמעס האָט דערשטוינט זיך צוגעקוקט. ער האָט נישט געגלייבט זיינע אויגן.

— גוט צו וויסן, אַז זי זענען אַזוי פעאיק!

באַלד איז ער אַוועק נאָך שאַלוויצקי. שאַלוויצקי איז אַריינגעקומען אַ דערפרייטער. ער האָט אַ זאָג געטון:

— יאָ, מיר דאַרפן נייטיק אַ מעכאַניק! אין אַנדערע אָפּטיילונגען זענען נאָך מאַשינען צעבראָכן! מענטשן קענען נישט אַרבעטן!

צו שאַלוויצקיס רייד האָט זיך באַוויזן אַ מייסטער פון אַ צווייטער אָפּטיילונג. דער מייסטער פון דער צווייטער אָפּ־טיילונג האָט מיך נישט אָפּגעלאָזט:

— פרוי פוקס, זי מוזן מיר אויסרעפּערירן עטלעכע מאַ־שינען!

— איך בין נישט קאַ מעכאַניקערין! — האָב איך צע־טומלט געענטפערט — די מאַשין האָב איך נאָר רעפּערירט פאַר יאַמעסן, פאַר מיין מייסטער!

— אַלע מאַשינען זאָלן זי אויסרעפּערירן! — האָט שאַל־וויצקי מיר שטרענג באַפוילן — דאָ איז נישט וואָס מען וויל, נאָר וואָס מען הייסט!

— איך וועל אַלץ טון — האָב איך געזאָגט — אויב מ'וועט באַשעפטיקן מיינע קינדער אין די וואַרשטאַטן.

— אַלע מאַשינען זאָלן זי אויסרעפּערירן! — האָט שאַל־וויצקי נאָך שטרענגער געפאָדערט. נאָר כאָטש ער איז געווען אויפגערעגט האָט ער זיך אויך פאַרענטפערט, אַז ער אַליין האָט נישט די מאַכט פון „אַריינגעמען" צו דער אַרבעט, אַז דאָס באַלאַנגט צום עס־עס מאַן בוכמייער.

— בוכמייער וועט קומען, וועל איך מיט אים רעדן — האָט שאַלוויצקי מיך פאַרזיכערט און מיר נאָכאַמאָל באַפוילן צו טון אַלץ וואָס מען הייסט...

אַ ביסל שפּעטער, ווען איך בין שוין געווען פאַרנומען ביים אויסרעפּערירן אַ ניי־מאַשין אין אַ צווייטער אָפּטיילונג, האָט מען מיך גערופן אין דער ביוראָ וואו שאַלוויצקי איז גע־זעסן. שאַלוויצקי האָט געפרעגט, צי איך האָב אַן אָנונג אין איינקויפן אַלע סאָרטן מאַשין־טיילן?

איך האָב אים דערציילט, אַז פאַר דער מלחמה, האָב איך אַליין געהאַט צו פאַרקויפן די אַלע סאָרטן אַרטיקלען.

שאַלוויצקי האָט צופרידן געזאָגט:

— מאָרגן קריגסטו אַ דערלויבעניש אַרויסצוגיין אין שטאָט. וועסט איינקויפן וואָס מען דאַרף.

אזוי איז טאַקע געווען: צומאָרגנס בין איך אַרויס אין שטאָט. כמעט צוויי וואָכן נאָכאַנאַנד, פלעג איך אויף שעהן אַרויסגיין פון געטאָ און איינקויפן פאַרשידענע „טיילן" וואָס זענען נויטיק געווען צו אַלטע נײ־מאַשינען.

דעם טאָג ווען איך בין פאַרטיק געוואָרן מיט דער אַר־בעט אַלס „איינקויפערין" און אַלס „מעכאַניקערין" — האָט מען אנשטאָט העמדער, אָנגעברענגט צום נייען קליידער אין אונזער אָפּטיילונג. יאָמעס האָט מיר געזאָגט, אַז איך וועל באַשטימט נישט קענען די אַרבעט.

— איך קאָן, — האָב איך געזאָגט — נייען קליידער, קאָן איך בעסער פון אַלץ! ס'איז מיין ספּעציאַליטעט!

יאָמעס איז געבליבן דערשטוינט און איך האָב אים נאָך פאַרזיכערט, אַז איבערן טאָג וועל איך אויפנייען מער קליידער ווי ער רעכנט. יאָמעס האָט נאָכמער געשטוינט און נאָכהער, ווען מען האָט געהאַלטן ביים אָנפאַנגען די אַרבעט, האָב איך זיך נאָך געוועט אין שנעלקייט מיט אַ מאַנספּערשוין.

דער מאַנספּערשוין האָט געאַרבעט אויף אַ מאַשין מיט אַ מאָטאָר און מיין מאַשין איז געווען פון געוויינלעכן סאָרט.

— זי ווילן זיך פאַרמעסטן מיטן כוח פון אַ מאָטאָר? — האָט מען ביי מיר געפרעגט.

מיר איז אויך געווען באַוואוסט, אַז דער מאַנספּערשוין ביי דער מאָטאָריזירטער מאַשין איז אי אַ שנעלער, אי ער קאָן די מלאכה, פונדעסטוועגן האָט עס מיך נישט אָפּגעהאַלטן פון דעם פאַרמעסט מיט אים. די לעצטע מינוט האָב איך נאָך צו־געשטעלט מיין מאַשין צום מאַנספּערשוינס. און אָט האָט זיך דאָס אָנגעפאַנגען! אונזערע מאַשינען האָבן אָנגעהויבן קלאַפּן! פאַרוועמען האָבן זיי געקלאַפּט? מיין מאַשין האָט געדאַרפט אויסקלאַפּן פראָטעקציע מיט רעטונג פאַר מיינע צוויי קינדער! כ'האָב גאָרנישט געזען, נאָר קליידער! קליי־דער מיט קליידער! צען שטיק האָב איך געהאַט אויפצוקלאַפּן! בשעת כ'האָב זיי גענומען האָט יאָמעס זיך געחידושט וואָס

איך נעם אַזויפיל. — „זי האָבן געגנוג די העלפט. דאָס וועלן זי אויך נישט מאַכן איבערן טאָג״... — אָבער ווי איבעראַשט איז ער געוואָרן, אַז פּאַר מיטאָג האָב איך פאַרלאַנגט נאָך צוועלף קליידער. — „יענע צען האָבן זי שוין פאַרטיק?״ — האָט ער געפרעגט — „יאָ פאַרטיק!״ — יאַמעס האָט דאָס גאָרנישט געקאָנט באַגרייפן. אין אונזער אָפּטיילונג זענען געווען נייערינס וואָס פון אינדערפרי האָבן זיי נישט געהאַט אויפגעניית קיין איינציק קלייד. יאַמעסן איז שווער געווען צו גלויבן. ער האָט געמיינט איך גענאַר אים, האָב איך אים אַריינגעבראַנגט די אויפגענייטע קליידער. ער האָט געציילט און איבערגעציילט און אַ זאָג געטון:

— עפּעס אַ טייוול שטעקט דאָך אין דיר!

און ער האָט מיר אָנגעציילט נאָך צוועלף צוגעשניטענע קליידער.

ביז פאַרנאַכט האָב איך געהאַט אויפגעניית 21 שטיק. אַלע אין שאַפע האָבן מיך באַוואונדערט, וואָרים דער מאַן ביי דער מאַטאָריזירטער-מאַשין, האָט סך הכל געהאַט געמאַכט 18.

צומאָרגנס איז געקומען דער עס-עס מאַן בוכמייער, וועלכער האָט שטענדיק נאָכקאָנטראָלירט וויפל אַרבעט יעדער מאַכט, ווען בוכמייער האָט דערזען אין אַרבעטס-בוך, אַז אונטער מיין נאָמען איז אויפגעשריבן אַזויפיל קליידער, האָט ער גלייך באַפוילן, אַז ער וויל מיך זען. שאַלוויצקי האָט מיך פאַר אים פאָרגעשטעלט און אים געזאָגט, אַז אויסער קליידער, קאָן איך יעטוועדע אַרבעט, אפילו אויסרעפערירן ניי-מאַשינען.

— זאָ איינע פראַו?

דער מערדער האָט געגאַפט און געהייסן מיר געבן אַ קלייד פון די אויסגעפאַרטיקטע קליידער.

איך האָב געזאָגט:

— נישט אין דעם קלייד גייט עס מיר, נאָר מיינע קינדער זאָלן באַשעפטיקט ווערן אין שאַפע.

האָט דער מערדער מיך פאַרזיכערט, אַז ער וועט דאָס

דערלעדיקן אַ צווייט מאָל. און פּאַרנאַכט האָט שוין יעדער אין געטאָ געוואוסט, אַז צו מיר האָט גערעדט דער מערדער בוכמייער, וועלכער האָט אויף יידן געקוקט נאָר דעמאָלט, ווען מען האָט זיי געפּייניקט.

---

בינעקן זע איך נישט מער. אפשר זעקס וואָכן שפּעטער ווי ער האָט זיך אויף די פיס געשטעלט, איז ער מיט אַ פּאַרטיע יונגעלייט אַוועק אַרבעטן אין דער ראַדאָמער געווער־פאַבריק, פונוואַנען ער שיקט מיר טיילמאָל אַ גרוס. דאָס יינגעלע ווידער, וואָס איך האָב חדשים אומלעגאַל געהאָדעוועט, האָב איך אַריינ־געגעבן אין געטאָ־שפּיטאָל, וועלכעס באַשטייט פון צוויי שטיבן מיט אַ פּאָר געלעגערס.

— האַלטן אַ קינד איז פאַרבאָטן, — האָט מיר געזאָגט די קראַנקן־שוועסטער, דאָך האָט זי דאָס קינד צוגענומען פון מיר און עס געהיים איינגעאָרדנט.

---

אַלע מיידלעך און יינגלעך, וועלכע זענען צוריקגעקומען פון די קאַשאַרן, זענען שוין באַשעפטיקט אויף פאַרשידענע אַרבעטס־פּלאַצוואוקעס אויסערן געטאָ. מיין זון אַרבעט ביים אויסגראָבן טאָרף אויף די פעלדער. שווער איז מיר מיט מיין טאָכטער. קיינער וויל זי נישט באַשעפטיקן צוליב איר קינ־דערישן אויסזען. אַלט איז זי דרייצן און זעט קוים אויס ווי אַ מיידעלע פון צען יאָר.

— ווער‌סט אַרבעטן אין שאָפּ, — טרייסט איך זי נאָכאַ־נאַנד — בוכמייער אַליין האָט דאָס מיר צוגעזאָגט.

אָבער איינמאָל ביינאַכט קומט די געטאָ־פּאָליציי און נעמט זי פון בעט אַרויס. איך לויף צום פּאָליציי־עלטסטן, סיטנער, כאָטש איך ווייס נישט ווי אַזוי איך זאָל צו דעם סיטנערן רעדן. ביז דער מלחמה איז ער געווען אַדוואָקאַט אין קאַליש. היינט איז ער אַ קאַלטער טיראַן. זיין פרוי איז די גע־ליבטע פון יאַמעסן. סיטנער גופא האָט אַנדערע. איך גיי

אויף סיטנערס טרעפ און די אימה ווארפט מיך. הענט און פיס טרייסלען זיך מיר: ווי זאל איך אנקלאפן צו אזא פאר־שוין אינמיטן נאכט? ער וועט נאך בייז ווערן און מיך נישט לאזן צומאל אויסרעדן א ווארט. נאר אט שטיי איך שוין ביי זיין טיר. איך קלער: אפשר זאל איך אפווארטן ביז ס'וועט ווערן טאג? כ'האב אבער מורא, אז דעמאלט וועט שוין זיין צו שפעט. דעמאלט וועל איך שוין גארנישט אויפטון פאר מיין טאכטער.

מיטאמאל פאלט מיר אין געדאנק — שאלוויצקי. ער האט דאך מיר צוגעזאגט, אז מיינע קינדער וועלן ארבעטן אין שאפ און נאר צוליב דעם הארעווע איך דאך אזוי שווער! יא, איך לאז מיך צוריק אראפ פון סיטנערס שטיגן. איך דער־נענטער מיך צום געטא־פארקאן. איך קוק דורך א שפארע: אויף דער פוילישער זייט דרייט זיך א וואך פון זשאנדארמעריע. און וואס וועל איך אויפטון ביי שאלוויצקין? דער מענטש האט זיך טאקע פיל מאל איינגעשטעלט פאר מיר. ער האט מיר גרויסע טובות געטון, דאך קאן ער אויך בייז ווערן, אויב כ'וועל אים אויפוועקן פון שלאף. סוף כל סוף איז ער נישט קא צדיק, דער שאלוויצקי. זינט ער איז אנפירער פון די געטא־ווארשטאטן, „נעמט" ער פאר „אוועקקוקן"... ווען שאל־וויצקי זאל נישט האבן אהיימגעטראגן אויף יארן לעבן, וואלט ער אפשר קיינעם נישט געהאלפן.

איך בין אבער זיכער, אז צו אים וועל איך גיכער קענען רעדן ווי צום פאליציי־קאמענדאנט סיטנער.

אבער ווי אזוי איז מיר מעגלעך אהינצוקומען צו אים? ווי אזוי מעג איך ריזיקירן און ארויסגיין אויף דער פוילישער זייט, אז אומעטום איז דארט אנגעשטעלט מיט זשאנדארמע־ריע?

אויב כ'וועל ארוים קאן מיך זשאנדארמעריע תיכף דער־שיסן, איז וואס וועל איך דעמאלט האבן אויפגעטון?

די נאכט דויערט. ווען עס נעמט שאריען אויפן הימל,

גיי איך אַריין צו דער געטאָ-פּאָליציי. איך פרעג ווען מ׳וועט אַוועקשיקן? לאַכן אַ פּאָר פּאָליציי-יונגען און ענטפערן:

— זי מוזן וויסן? זי וועלן סיי ווי נישט וויסן!

עס קומט אַריין אַ יינג מיידל, אַזוי אַלט ווי מיין טאָכטער. דאָס מיידל וויינט, מען זאָל נישט אַוועקשיקן איר מאַמע. איינער פון די פּאָליציאַנטן רופט אויס:

— טראָג זיך אָפּ ראַצערין! הײדאַ!

סיטנער איז נישט בעסער פון די דאָזיקע פּאָליציי-יונגען. ער איז זייער רבי. פונדעסטוועגן טראַכט איך וועגן נאָכאַמאָל אַהינגיין צו אים און צו אים רעדן. נישטאָ קאַ ברירה. אינדרויסן ווערט שוין ליכטיק. איך בין שוין נאָכאַמאָל ביי סיטנערס וואוינונג. איך שטיי שוין ביי זיין טיר. איך הער מיך איין צי מען שלאָפט.

זיין פינף יאָריק יינגעלע רופט: — „מאַמאַ, מאַמאַ״. — איך גיב אַ קלאַפּ און נאָך אַ קלאַפּ. די טיר עפנט סיטנערס פרוי, וועלכע אַרבעט מיט מיר אין איין שאָפּ-אָפּטיילונג.

— פרוי פוקס! — רופט זי אויס — וואָס טוען זי דאָ אַזוי פרי?

איך הייב אָן דערציילן מיט געוויין, אַז אינמיטן נאַכט האָט פּאָליציי אַרויסגענומען מיין טאָכטער פון בעט און באַלד וועט מען זי אַוועקשיקן.

— זי זענען דאָך אויך אַ מאַמע! אייער מאַן קען מיר העלפן!

אָן ווי איך רעד באַווייזט זיך סיטנער. נעם איך ביי אים בעטן, ענטפערט ער מיר, אַז ער קאָן גאָרנישט מאַכן. אָן אַרבעט טאָר מען נישט זיין אין געטאָ.

— מיין טאָכטער וועט נישט זיין אָן אַרבעט. זי וועט אַרבעטן אין שאָפּ.

— אין שאָפּ?

— יאָ, בוכמייער אַליין האָט מיר צוגעזאָגט!

— טאָ גייען זי צו בוכמייער!

ווען איך האָב ווידער פּרובירט מיט רייד און געבעט, האָט ער אויפגעמאַכט די טיר און מיך אַרויסגעשטעלט.

אפשר אַ שעה שפּעטער האָט זיך אָנגעפאַנגען די אַר־בעט אין שאַפּ, בין איך דעמאָלט אַריין צו שאַלוויצקי, האָב אים אַלץ דערציילט און געפאַלן צו זיינע פיס ער זאָל אָנקליננ־גען צו סיטנערן.

שאַלוויצקי האָט זיך באַלד טעלעפאָניש פאַרבונדן מיט דער געטאָ־פאָליציי. דערנאָך האָט שאַלוויצקי אַריינגערופן סיטנערס פרוי.

— זי אַרבעטן דאָ מיט דער פרוי פוקס?

— יאָ.

— זי ווייסן אַז פרוי פוקס איז אָרעם? פאַרוואָס טוען זי גאָרנישט פאַר איר? איז דאָס שיין, איין ייד דעם צווייטן זאָל נישט טון קיין טובה?

— איך האָב געבעטן מיין מאַן, — האָט פרוי סיטנער געענטפערט — מיין מאַן וועט דאָס מיידל פריילאָזן.

— גלייבט נישט! — האָב איך זיך אָנגערופן — ער וועט מיין קינד נישט אַרויסלאָזן! וואָלט איך נאָר געהאַט צו באַ־צאָלן! אָן באַצאָלט וועט ער גאָרנישט דערלעדיקן!

שאַלוויצקי, האָט זיך שטאַרק געחידושט, וואָס איך האָב דאָס געזאָגט אין דער געגנוואַרט פון סיטנערס ווייב.

— איז דאָס אמת? — האָט שאַלוויצקי געפרעגט.

איך האָב נישט געוואָרט אויף דער סיטנעראָוועס ענט־פער און נאָכאַמאָל געזאָגט, אַז סיטנער האָט שוין נישט איינ־מאָל גענומען „באַצאָלט”. נאָך איידער איך האָב געענדיקט האָט שאַלוויצקי ווידער טעלעפאָנירט צו סיטנערן, אַז קוים קומט ער נישט באַלד, וועט זיין פרוי נישט אַרבעטן אין שאַפּ. פרוי סיטנער איז געשטאַנען אַ צעפלאַמטע.

— יאָ, יאָ! — האָט שאַלוויצקי אַריינגעשריגן אין טעלע־פאָן — אייער ווייב וועט בלייבן אָן אַרבעט! וואָס דאָס באַ־דייט, דאַרף איך אייך נישט אויפקלערן!

שאַלוויצקי האָט איבערגעריסן דאָס רעדן אויפן טעלעפאָן און באַפוילן דער פרוי סיטנער, אַז זי זאָל צוריקגיין צו איר אַרבעט.

— גייען זי אויך! — האָט ער צו מיר געזאָגט — ער קומט שוין, סיטנער. זי דאַרפן נישט זיין דערביי.

שפּעטער בין איך געשטאַנען הינטער דער טיר. אַ מינוט האָב איך אונטערגעהערט וואָס ביידע רעדן. שאַלוויצקי האָט געטענהט צו סיטנערן.

— פרוי פוקס אַרבעט פאַר אייער פרוי! אייער פרוי קאָן נישט אַרבעטן! און זי פיגורירט אַלס אַרבעטערין!

וואָס סיטנער האָט געענטפערט האָב איך שוין נישט געהערט. נאָר ווען ער איז אַוועק, האָט שאַלוויצקי מיך גערופן איך זאָל אים נאָכלויפן, וואָרים ער גלייבט אים נישט. סיטנער קאָן נאָך מאַכן אַנדערש ווי ער האָט צוגעזאָגט.

אַז איך בין אַראָפּ אין גאַס, איז שוין ביי דער פּאָליציי געשטאַנען אַ וואָגן מיט אַן אוקראַאינישער וואַך.

פון דעם וואָגן האָט סיטנער באַפרייט מיין טאָכטער.

---

אין אַ פּאָר טעג אַרום, אָדער אין אַ וואָך אַרום, איז געווען ערב פּורים. ס'איז געווען דאָס יאָר 1943. אין געטאָ האָט זיך באַוויזן אַ מעלדונג, אַז יעדער איינער וואָס האָט משפּחה אין פּאַלעסטינע קאָן זיך שוין רעגיסטרירן אויף אַוועקצופאָרן. ווער עס האָט עפּעס אַ „דיפּלאָם" קאָן אויך פאָרן. האָבן מענטשן אַלץ געטון צו האָבן „דיפּלאָמען" און מענטשן וועלכע האָבן נישט געהאַט קיינעם אין ארץ־ישראל האָבן אָנגעגעבן אַז זיי האָבן דאָרט נאָענטע קרובים, אָדער זיך צוגעשריבן אַלס קרובים צו אַנדערע. ווער עס האָט נאָר צוגעשטעלט עפּעס אַ פּאַפּיר איז געווען — גוט. מען האָט קיינעם נישט נאָכקאָנטראָלירט, נישט אָפּגעזאָגט און מען האָט יעדן געהייסן זיך גרייטן אין וועג אַריין.

ס'איז אויך געווען דערלויבט מיטצונעמען קינדער. איז

יענע, וועלכע האָבן נאָך געהאַט אַ קינד און אַליין נישט גע־קענט פאָרן האָבן געבעטן „אַוועקפאָרער" מיטצונעמען זייער קינד.

אָבער מיטצוגעבן אַ קינד איז נישט געווען פון די לייכטע זאַכן. מען האָט געוואוסט ווער עס פאַרמאָגט אַ קינד און ווער נישט, און דורכצופירן דעם ענין האָט זיך געפאָדערט פּראָ־טעקציע. אַ פרוי וועלכע האָט געהאַט אַ מיידעלע פון צען יאָר, האָט אויסגענוצט אַלע פּראָטעקציעס. ווען זי האָט שוין געהאַט ווער עס זאָל מיטנעמען איר קינד, איז זי אַהיים מיט אַ גרויסער פרייד. דאָס מיידעלע האָט אָבער אָנגע־הויבן וויינען, אַז זי וויל נישט פאָרן אָן דער מאַמע. האָט די מאַמע איר געגעבן צו פאַרשטיין, אַז אין גיכן איז זי אין גע־פאַר. דאָס מיידעלע האָט געענטפערט, אַז זי וויל בעסער זיין אין געפאַר, אַבי צוזאַמען מיט דער מאַמע. די פרוי האָט זיך אָבער געהאַלטן ביי ס'איריקע. זי האָט צונויפגעפּאַקט דעם קינדס ביסל זאַכן און עס מיטגעפירט צום וואָגן, אויף וועלכן עס זענען שוין געזעסן אַ גרופּע קינדער.

— רבקהלע, פריי זיך! — האָט די מוטער געזאָגט צום מיידעלע — פאָרסט קיין ארץ־ישראל!

— אַליין וויל יאָך נישט פאָרן! — האָט דאָס מיידעלע געשריגן.

— פאָרסט דאָך נישט אַליין! אָט פאָרן דאָך נאָך קינדער!

— יאָך וויל נישט! יאָך וויל נישט!

— פאָרסט קיין ארץ־ישראל, רבקהלע!

רבקהלע האָט נישט געוואָלט הערן די מוטערס רייד. זי האָט געשריגן און זיך געריסן פון דער מאַמעס הענט, ווען די מוטער האָט זי געוואָלט אַרויפזעצן צו דער גרופּע קינדער אויפן וואָגן. אָבער מיט ווילדן צוואַנג האָט די מאַמע זי אַרויפגע־זעצט אויפן וואָגן און נאָכהער כסדר געהיטן, אַז דאָס מיידעלע זאָל זיך נישט צוריק אַראָפּכאַפּן.

ווען די אַוועקפאָרער האָבן זיך גענומען געזעגענען מיט

טרערן און פרייד, וואָס זיי וועלן פּטור פון דער געטאָ, האָבן אויך געוויינט פרויען, וועלכע האָבן זיך געהאַט צו שפּעט דערוואוסט וועגן דער גאַנצער געשיכטע. אַנדערע האָבן ווידער באַדויערט, פאַרוואָס זיי האָבן נישט קיין קרובים אין ארץ־ישראל און מיט אויסגעשטרעקטע הענטלעך האָט רבקהלע נאָך אַלץ אַראָפּגעשריגן פונעם וואָגן:

— מאַמע, יאָך וויל נישט פאָרן! נעם מיך אַראָפּ! נעם מיך אַראָפּ!

נאָר די מאַמע האָט דעם קינד געענטפערט מיט טרערן:

— כ'טו דאָס פאַר דיין גיטן! ס'וועט דיר גיט זיין! רבקהלע, ס'וועט דיר גיט זיין!

באַלד איז דער „וואָגן מיט קינדער" אַרויסגעפאָרן פון געטאָ. ווען די וועגענער מיט דערוואַקסענע, זענען שוין אויך געהאַט אַרויסגעפאָרן, האָבן אַלע פאַרבליבענע אַזוי נאָכגע־קוקט, ווי מען קוקט אויף אויסדערלייזטע. דאָס האָט אָבער גע־דויערט מינוטן. נאָכהער האָט אַלעמען אַרומגעכאַפּט אַ גרויזאַמער שוידער, וואָרים דורך די שפּאַרעס פון געטאָ־פּאַרקאַן האָט מען דערזען דעם דייטשן אָפיציר קאַפּקע מיט זיין באַנדע אוקראַאינער. די גאַנצע אוקראַאינישע באַנדע איז אָנגעפאָרן אויף אַ לאַסט־אויטאָ באַלאָדן מיט לאָפּאַטעס. יעדער האָט געוואוסט אַז קאַפּקע מיט זיין סוויטע קומען שטענדיק צו שחיטות. אַז מען האָט דערהערט דעם נאָמען קאַפּקע, זענען אַלע מאַמעס פון די „מיטגעגעבענע קינדער" געוואָרן אויסטער־ליש ווילד. נאָר ווילדער פון אַלע איז געוואָרן רבקהלעס מאַ־מע און איבער נאַכט איז זי אַראָפּ פון זינען.



# IV

נאָכאַמאָל האָב איך זיך געוואָנדן צו שאַלוויצקי וועגן באַ־שעפטיקן מיינע קינדער אין די וואַרשטאַטן.

שאַלוויצקי האָט נישט געקלערט קיין סך און מיר געענט־פערט, אַז מיין טאָכטער זאָל איך נעמען אונטער מיין האַנט און זי אויסלערנען נייען.

— פאַר דיין זון האָב איך אויך עפּעס, — האָט ער גע־זאָגט — אים וועל איך שטעלן אַלס מאַגאַזינער.

כאָטש שאַלוויצקי האָט מיר געהאַט געטון וויכטיקע טו־בות, האָב איך גאָרנישט געגלויבט, אַז ער מיינט טאַקע צו שטעלן מיין זון אַלס „מאַגאַזינער". אָבער דעם טאָג ווען מיין זון האָט טאַקע אָנגעהויבן די אַרבעט האָט מען אין שאָפּ גע־פרעגט: — „וויפל געלט האָבן זי דערפאַר באַצאָלט?"

מיין זונס אַרבעט איז באַשטאַנען אין אַרויסגעבן האָלץ, קוילן און שפּייז פּראָדוקטן פאַר דער קיך אין וועלכער מען האָט געקאָכט פאַר די אַרבעטער פון די געטאָ־וואַרשטאַטן.

איינמאָל האָט מיין זון גענדאַרפט אַראָפּנעמען פלייש פון אַ וואָגן, האָט אים דאָס פלייש דערשראָקן. ער האָט דערזען אַ געפּגרט פערד, וואָס האָט די גאַנצע גאַס פאַרשטינקען. ער האָט דאָס פערד געלאָזט אויפן וואָגן און אַוועק אין דער קיך, פרעגן צי מען וועט קאָכן אַזאַ פלייש?

די קעכין האָט געפרעגט:

— וואָס האָסטו געמיינט? די דייטשן וועלן דיר געבן פון כשרע שחיטה?

— אָבער אין געטאָ איז מען מקנא די שאָפּ מענטשן — האָט מיין זון צו מיר געטענהט — די שאָפּ מענטשן רופט מען די אַמעריקאַנער, ווייל זיי האָבן אַ באַזונדערע קיך.

— וואָס איז געוואָרן מיטן פערד? — האָב איך געפרעגט.

— מען האָט עס פאַרקאָפּעט אין קעלער.

— ווי אַזוי?

— ס׳איז שוין אַזוי! ס׳איז באַגראָבן און פֿאַרטיק!
איך האָב נישט געקאָנט פֿאַרשטיין:
— מ׳האָט באַגראָבן אַ גאַנץ פֿערד אין קעלער?
אָבער מיין זון האָט מיר געענטפֿערט, אַז צען פֿערד קאָן מען דאָרט אויך פֿאַרקאָפּען, וואָרים די קעלערן זענען אַזעלכע גרויסע, ווי גאַסן.
— איך וויל זען די קעלערס, — האָב איך אַ פּאָר טעג שפּעטער געזאָגט צו מיין זון — איך האָב אַ פּלאַן. מ׳קאָן דאָרט מאַכן אַ באַהעלטעניש.
און מיין זון האָט מיר געזאָגט די צייט, ווען מענטשן קו־מען אין די קעלערן נאָך קוילן און האָלץ. אין דער צייט, בין איך אַראָפּ פֿון שאָפּ אַ קוק טון: טאַקע גרויסע קעלערן. זיי האָבן מיך דערפֿרייט און מיט אַן אינערלעכע שמחה בין איך צוריק אַרויף צו דער מאַשין. ענדלעך האָב איך דאָס אָרט וואו איך וועל קענען איינאָרדענען אַ באַהעלטעניש. כ׳האָב מיר שוין פֿאָרגעשטעלט: ווי איך באַזעץ מיך מיט די קינדער אין אַ בונקער און מיר לעבן איבער די מלחמה...
איך האָב מיר אַלץ אַזוי פֿאָרגעשטעלט און אַלץ מיר אַזוי אויספּאַנטאַזירט, אַז מיינע אויגן האָבן אויפֿגעלויכטן. און אַלע מיטאַרבעטער אָרום מיר האָבן געזאָגט צו מיין טאָכטער, וועל־כע איז ביי מיר געזעסן אויף דער לער:
— דיין מאַמע האָט היינט שיינע קאָלירן!
— דיין מאַמע האָט היינט אַ לעבעדיק פּנים!

---

דאָס מאַכן דעם בונקער איז נישט געווען קיין לייכטע זאַך.
ווי לאַנג די אַרבעט איז אָנגעגאַנגען זענען כסדר גע־ווען שטערונגען. ווען דער בונקער איז שוין געווען פֿאַרטיק מיט דער הילף פֿון מעכאַניקער פּסח שפּייזמאַן (היינט אין אַמעריקע), יאָסל ריימאַן און לייבל סטאָלאַר, איז אין געטאָ גע־וואָרן ליידיקער פֿון מענטשן. פֿאַרבליבן זענען נאָר יענע, וועל־

כע האָבן אָפּגעגעבן זייערע „לעצטע כוחות” אין די וואַר־שטאַטן.

— ביז יעצט האָבן מיר געוואָלט זיין די לעצטע, — האָט מען זיך געזאָגט — יעצט זענען מיר די לעצטע.

צווישן די „לעצטע” זענען נאָך געווען פּאַרמעגלעכע מענטשן און איך האָב אַריינגעטראַכט וועמען פֿון זיי צו נע־מען אַלס „שותּף” צום בונקער.

נאָר ווען איך האָב זיך דערוועגן באַראַטן מיט מיינע קינדער, האָבן זיי איבערהויפּט נישט געוואָלט הערן וועגן אַריינגיין אין דער באַהעלטעניש.

— אָן אַ באַהעלטעניש וועלן מיר נישט לעבן, — האָב איך זיי געוואָרנט.

— צו דעם קבר האָט מען נאָך צייט, — האָט מיין זון געענטפֿערט — דו האָסט נאָך דאָס קבר נישט געזען. פֿריער קוק אַריין דערין.

קיינער זאָל נישט באַמערקן בין איך אַראָפּ אָנקוקן דאָס קבר. כ'האָב געמוזט זיך אויסציען, כדי דערין אַריינצוקריכן. אָבער נאָכדעם ווי כ'בין עטלעכע מינוט דערין געשטאַנען, האָב איך אָנגעצונדן אַ ליכט און מיך דערזען אין זאַמד, און אין — וואַסער.

פֿון די ווענט האָבן זיך אַראָפּגעגליטשט גרויסע טראָפּנס. דער ווילגאַטש האָט מיר געהאַקט אין קאָפּ. מיט ווייטיק בין איך געשטאַנען און געקלערט: ווי אַזוי וועלן מיר דאָ אָטע־מען? ווי אַזוי וועלן מיר דאָ איבערקומען טעג מיט נעכט? אויף וואָס וועלן מיר זיצן און אויף וואָס וועלן מיר שלאָפֿן? אָבער וואָס וועט מיר העלפֿן דאָס אַריינקלערן? אפֿשר וועט נאָך געשען אַ נס? אפֿשר וועלן מיר דאָס קבר אויסמיידן? איך האָב פֿאַרלאָשן דאָס ליכט און צוריק אַרויסגעקראָכן. ווען איך בין אַרויפֿגעקומען אין שאָפּ אַריין און האָב עטלעכע מינוט אָפּגעאַרבעט ביי דער מאַשין, האָט מען גענומען פֿרעגן פֿון וועמען עס שפּירט זיך ווילגאַטש? כ'האָב זיך גאָרנישט

אָנגערופֿן, נאָר ביי זיך האָב איך געטראַכט: כ׳בין סך הכּל געווען מינוטן אין בונקער שפּירט מען שוין? איז ווי וועט אויסזען, אויב כ׳וועל מיך אינגאַנצן דאָרט אַריינלייגן?

און זוכסט נאָך שותּפים צו דעם קבֿר? — האָב איך מיר צוגעגעבן במחשבֿה.

דאָך האָב איך דאָס קבֿר נישט אָפּגעלאָזט.

איך בין אַריין אין שטובן פֿון אַרויסגעשיקטע. כ׳האָב צענומען אַ שאַנק: די ברעטער האָב איך אין בונקער אַראָפּ־געטראָגן און מיט זיי אַרומגעשטעלט די ווענט. נאָכהער האָב איך צענומען נאָך אַ שאַנק און געמאַכט אַ שטיקל פּאָדלאָגע אין בונקער מיט צוויי נאַרעס צום ליגן. כ׳האָב אויך אַריינגע־שטעלט אַ קלעצל, וואָס זאָל מיר דינען אַלס טישל אויף ליכט צינדן.

אפשר וועל איך קאָנען אָפּהיטן שבת אין דער באַ־העלטעניש?

ווען דאָס אַלץ איז געוואָרן איינגעאָרדנט האָט זיך באַוויזן אַ מעלדונג, אַז אין קורצן וועלן די וואַרשטאַטן אַריבערגעפֿירט ווערן אין דער געווער־פֿאַבריק אויף שקאָלנע גאַס, און ווער ס׳וויל נישט מיטגיין אויף שקאָלנע גאַס, קאָן פֿאָרן אין לאַגער פֿון סקאַרזשיסקאַ, אָדער אין לאַגער פֿון — פּיאַנעק.

די מערהייט אַרבעטער פֿון די וואַרשטאַטן האָבן זיך פֿאַר־שריבן קיין — פּיאַנעק. איך האָב מיך נישט אויפֿגעגעבן אויף קיין שום ליסטע. איך האָב ווייטער צוגעגרייט דעם בונקער. כ׳האָב אַריינגעטראָגן בעטגעוואַנט, קישנס, אַ פּאָר פּרימוס־מאַשינקעס, צוועגנגלעך מיט האַמערס מיט אַ גאַנץ אַפּטייקל. נאָכהער האָב איך גענומען קלערן וועגן אַריינטראָגן שפּייזוואַרג מיט ליכט. דעם בונקער האָט מען געמוזט באַזאָרגן מיט ליכט. נאָר ווי אַזוי? איך בין צו צום געטאָ־פּלויט, דורך אַ שפּאַרע האָב איך אונטערגעהאַנדלט מיט דער אוקראַינישער וואַך, זיי זאָלן מיר ברענגען ליכט. פּאָר גוט געלט האָב איך ביי זיי געפּועלט. נאָך דעם מסחר מיט די אוקראַינער האָב איך דערזען דעם

פּאָליאַק סטערנאַצקי, אַן אַרבעטער פֿון מאַגיסטראַט און מיינס
אַ פֿאַרמלחמהדיקער קונה. כ׳האָב דעם סטערנאַצקי צוגערופֿן
און אים פֿאָרגעשלאָגן צו קויפֿן מיין גאַרדעראָב־שאַנק, וואָס
מיין מאַן האָט געלאָזט מאַכן צו אונזער חתונה.

— אַ שיינע שאַנק? — האָט סטערנאַצקי געפֿרעגט.

— די שאַנק איז נאָך פֿריש. אַ שאַנק מיט אַ טרעמאָ
שפּיגל.

פֿאַרנאַכט איז סטערנאַצקי געקומען צו מיר. די שאַנק
מיטן טרעמאָ־שפּיגל, איז אים געפֿעלן. ער האָט געזאָגט:

— אויב כ׳וועל זי קענען אַרויספֿירן, וועל איך זי קויפֿן.

דער סטערנאַצקי איז פֿאַר מיר געווען ווי פֿון הימל אַראָפּ־
געשיקט. נאָכדעם ווי ער האָט זיך אָפּגעפּאַרטיקט מיט דער
אוקראַאינישער וואַך, אַז ווען ער וועט די שאַנק „אַרויספֿירן"
זאָלן זיי „נישט זען און נישט וויסן", — האָט ער מיר געגעבן
הונדערט זלאָטעס האַנט געלט. און טעג דערנאָך, בעת די
געטאָ־פּאָליציי האָט זיך אוודאי געהאַט אָנגעשיכורט, און
פֿאַרנאַכט־צו נישט געהיטן ביים טויער, האָב איך דאָס טויער
געעפֿנט. סטערנאַצקי איז אַריינגעפֿאָרן מיט אַ פֿערד און וואָגן.
עס האָט געדויערט מינוטן, האָבן מיר געהאַט אַרויפֿגעלאָדעוועט
די צענומענע שאַנק. מיר האָבן געאַרבעט ווי ביי אַ שׂרפֿה. און
ווען סטערנאַצקי איז פֿון געטאָ אַרויסגעפֿאָרן, איז אָנגעלאָפֿן
אַ פּאָליציאַנט. דער פּאָליציאַנט האָט געגוואַלדעוועט:

— צוליב אייך, וועט מען נאָך אַלעמען אויסשיסן!

שפּעטער האָט סיטנערס פֿאַרטרעטער מיך גענומען אויפֿן
פֿאַרהער. פֿון אָנהויב האָב איך געטענהט, אַז איך ווייס פֿון
גאָרנישט. נאָכהער האָב איך זיך פֿאַרטיידיקט, פֿרעגנדיק,
צי איך האָב נישט קיין רעכט אויף מיין אייגענער שאַנק?

— אַזאַ זאַך? אַזאַ זאַך? — האָט סיטנערס פֿאַרטרעטער
געשטוינט — אין געטאָ זענען זי די איינציקע? אַרויספֿאַר־
קויפֿן אַ שאַנק האָט נאָך קיינער נישט געוואָגט!

אַ פּאָר טעג שפּעטער האָט סטערנאַצקי פֿון מיר אָפּגעַ־

קויפט נאָך פאַרשידענע קלייניקייטן און איך האָב געהאַט נאָך געלט אָנצוגרייטן שפּייז אין בונקער אַריין.

כ'האָב שוין געהאַט אַריינגעטראָגן גרויפּן מיט קאַשע מיט זאַלץ מיט אַ באַנקעלע נאַפט, איז ס'געטאָ געוואָרן אַרומגעשטעלט מיט באַוואָפנטע היטער. אַלע פון געטאָ זענען געוואָרן אַריינגעטריבן אין אַ הויף. ס'איז געקומען גענעראַל בלום מיט גענעראַל וויינריך. די פאַרשוינען האָבן אַ ביסל אָבסערווירט דעם צונויפגעטריבענעם עולם. דערנאָך האָט שאַלוויצקי אָנגעהויבן אויסרופן נעמען פון אַ ליסטע. אַלע „אויסגערופענע" זענען געשטעלט געוואָרן באַזונדער. וואָס מיינט דאָס? כ'האָב נישט געוואוסט וואָס דאָס מיינט. עס האָט מיך אָבער געטריבן צו זיין צווישן די — „אויסגערופענע". און אָט האָט שאַלוויצקי אויסגעלייענט די נעמען פון אַ טאַטן מיט אַ זון. דער זון איז אַרויס, אָבער דעם פאָטער האָט שאַלוויצקי שוין גערופן — נישט אַריינקוקנדיק אין דער ליסטע. דאָס האָט באַמערקט דער גענעראַל וויינריך. ער האָט אַ רוף געטון שאַלוויצקין און אין דער מינוט וואָס דער גענעראַל איז דאָרט געווען פאַרטון מיט נאָכקאָנטראָלירן שאַלוויצקים ליסטע, בין איך מיט מיינע קינדער אַריבער צווישן די „אויסגערופענע".

אַ ביסל שפּעטער האָט מען אַלע „אויסגערופענע" אויסגעשטעלט אין רייען, דריי פּערזאָן אין אַ ריי און מען האָט אונז געפירט צום טויער פון די וואַרשטאַטן.

ביים טויער פון די וואַרשטאַטן איז געשטאַנען דער יונגער וואַזשנע וויעטשאָרעק. אַלעמען האָט ער דורכגעלאָזט, אָבער מיך מיט מיינע קינדער האָט דער וויעטשאָרעק געהייסן אונטערוואַרטן. כ'האָב פאַרשטאַנען די בראָך. כ'האָב זיך געוואָלט דורכרייסן מיט די קינדער, האָט וויעטשאָרעק אַ רוף געטון אַן אוקראַינער. „פיר זיי צוריק!" — האָט ער אַ געשריי געטון צום אוקראַינער. האָט ער אָבער אָנגעטראָפן אויף אַן אוקראַינער, וועלכער פלעגט ביי מיר פאַרדינען. און ווי ער האָט מיך אָנגעקוקט, דער אוקראַינער, האָט ער אויפגעהויבן די

ביקס איבער דעם וויעטשאָרעקס קאָפּ. אויף דעם האָט זיך דער וויעטשאָרעק נישט גערירט און דורך דער צייט וואָס וויע־טשאָרעק האָט געהאַט צו טון מיטן אוקראַינער, בין איך מיט מיין טאָכטער און מיט מיין זון אַרויף אין אַ בוידעם.

דאָס טירל פֿונעם בוידעם האָבן מיר פֿאַרקלאַפּט און פֿאַר־לייגט מיט שווערע שטיקער אייזן.

שפּעטער זענען מיר אַראָפּ פֿונעם בוידעם און מען האָט זיך אויסבאַהאַלטן אין אַ קעלער.

---

אינאָוונט זענען מיר אַרויס אויסשפּירן די געפֿאַר. אין גאַס האָט מען קיינעם נישט געזען און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז איך מיט מיינע קינדער זענען געבליבן די „איינציקע", און מיר טאָרן זיך נישט ווייזן מער.

מיר זענען אַוועק צו דער שטוב וואו מיר האָבן גע־וואוינט. די טיר איז געשטאַנען אָפֿן. אינעווייניק איז אַלץ געווען צעוואָרפֿן. ווי איך וואָלט שוין נישט געווען אין דער שטוב יאָרן, אַזוי איז זי מיר פּלוצים געוואָרן פֿרעמד. אינדערפֿרי זענען אין דער שטוב געווען נאָך מענטשן. און אַט בין איך נאָר מיט מיינע קינדער.

פֿון דעם איינזאַמען מעמד האָב איך גאַרנישט געקאָנט קומען צו זיך. כ'האָב זיך אַוועקגעזעצט אויסוויינען אַ ביסל אויף דער גרויסער בראָך! מיין זון מיט דער טאָכטער זענען דערווייל אַרויס עפּעס געוואויר ווערן. עס האָט לאַנג נישט געדויערט, האָבן זיי מיר געבראַכט די נייעס, אַז ס'זענען פֿאַר־בליבן הונדערט פּערזאָן. אין צוויי טעג אַרום וועלן זיי אַלע אַוועקגיין אין דער געווער־פֿאַבריק, אויף שקאָלנע גאַס.

איך האָב געזאָגט צו מיינע קינדער:

— יעצט מוזן מיר אַריינגיין אין בונקער...

— יאָך גיי נישט! — האָט מיין זון געענטפֿערט.

— און יאָך גיי אויך נישט! — האָט די טאָכטער זיך אָנגערופֿן.

אוןביידע האָבן זיך צעוויינט, אַז זיי האָבן מורא, אַז אין בונקער וועט נישט טויגן, אַז אינגיכן וועלן מיר אַלץ אויפעסן וואָס דאָרט איז אָנגעגרייט. און דאַן? וואָס וועלן מיר טון, אויב מיר וועלן מוזן ליגן אַ צייט אין דעם בונקער?

די קינדער האָבן געהאַט רעכט, אָבער דער איינציקער אויסוועג איז פאָרט געווען דער בונקער.

— פאַרוואָס מוזן מיר זיין אַנדערש פון אַלע? פאַרוואָס האָבן אַנדערע נישט געמאַכט קאַ בונקער און די מאַמעליו איז איינגעפאַלן אַ בונקער? — האָט מיין זון געפרעגט — פאַרוואָס זאָלן מיר נישט מיטגיין מיט די פאַרבליבענע הונדערט מענטשן?

עטלעכע מאָל האָב איך זיי אויפגעקלערט:

— מיר קענען נישט מיטגיין מיט קיינעם. די הונדערט מענטשן זענען אויף דער ליסטע. מיר זענען נישט אויף דער ליסטע. מיר זענען נישט אויף דער ליסטע...

מיין זון מיט דער טאָכטער האָבן שוין גאָרנישט גערעדט. מידע פון דעם אויסטערלישן טאָג זענען זיי אַוועקגעפאַלן און באַלד איינגעשלאָפן אויף די צעוואָרפענע זאַכן אינדערפינצטער. מיך גופא האָט נישט גענומען קיין שלאָף. איך בין געזעסן שעהן. ביז איך האָב איינגעדרימלט, זענען זכרונות פון אַלע פינצטערע יאָר גאָרנישט אַרוים פון מיין זכרון. עס האָט זיך מיר אויך דערמאָנט (נישט צום ערשטן מאָל) יענע נאַכט, ווען מיין עלטער־מומע איז מיר געקומען צו חלום אין גאַרבאַטקער וואַלד.

---

פאַרטאָג האָט צו אונז אָנגעקלאַפּט אַ מאַן פון די וואַר־שטאַטן. ער האָט דערציילט, אַז דער יונגער וואַזשנע וויע־טשאָרעק האָט אונז משוגע אַרומגעזוכט און אַז אחוץ די „הונ־דערט פאַרבליבענע" האָט מען אַלע אַוועקגעשיקט אין פּיאָנ־קער אַרבעטס־לאַגער.

— הלוואַי וואָלט מען אונז אויך געווען אַוועקגעשיקט, — האָב איך געענטפערט — נישט מיר טאָרן זיך ערגעץ ווייזן,

נישט מיר זענען אויף דער ליסטע.

— שאַלוויצקי וועט אייך צושרייבן, — האָט דער מאַן מיך פאַרזיכערט — איך נעם די זאַך אויף מיר!

דער מענטש איז באַלד אַוועק צו שאַלוויצקי. עס האָט נישט לאַנג געדויערט האָט שאַלוויצקי געשיקט נאָך מיר.

— פּרוי פוקס! — האָט ער אויסגערופן.

שאַלוויצקי האָט מיר געקלאַפּט אין דער פּלייצע און גע־לויבט מיין ריזיקאַלישקייט. ער האָט געזאָגט:

— דערפאַר וואָס דו האָסט נעכטן אַזויפיל ריזיקירט, וועל איך דיר ווייטער העלפן, וועסט מיטגיין אויף שקאָלנע.

איך האָב אים געענטפערט, אַז מיטצוגיין אויף שקאָלנע, האָב איך נישט קיין חשק. איך האָב געוואוסט, אַז אויף שקאָל־נע־גאַס איז אַ לאַגער, וואו פון צייט צו צייט „סאָרטירט" מען אונזערע מענטשן. כ'האָב אויך פאַרגעזען, אַז אויף דער שקאָל־נע, וועל איך זיין אָפּגעזונדערט פון מיינע קינדער; כ'וועל ווי־דעראַמאָל האָבן קלערענישן, ווי כ'האָב דאָס געהאַט ווען זיי זענען געווען „איינקאַשאַרירט" און געאַרבעט אין די קאַזאַר־מעס. און נאָך אַ וויכטיקע סיבה האָט מיך נישט געלאָזט גיין אויף דער שקאָלנע: פון דאָרטן קאָן מען נישט אַנטלויפן. אָט דאָס אַלץ האָב איך איבערגעטראַכט און צום סוף איז מיר קלאָר געוואָרן, אַז איך האָב אָפּגעטון אַ גרויסע נאַרישקייט וואָס איך האָב זיך נישט געהאַט פאַרשריבן קיין פּיאַנעק.

— העלפט מיר אַנצוקומען קיין פּיאַנעק. — האָב איך גע־בעטן ביי שאַלוויצקי.

— איך קאָן דיר נאָר העלפן מיטצוגיין אויף שקאָלנע — האָט שאַלוויצקי געזאָגט — פון דאָרטן, וועל איך דיר ווייטער העלפן.

אַ צעבראָכענע האָב איך פאַרלאָזט שאַלוויצקיס ביוראָ. אויפן גאַס, איז מיר אַנטקעגנגעקומען דער היטלמאַכער משה סוכער. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט און געזאָגט:

— איך האָב געהערט וועגן דיין נעכטיקער געוואַגט־

קייט, נאָר אויב דו גייסט אויף שקאָלנע, ביסטו גלייך מיט אַלעמען.

זיינע ווערטער האָבן מיך אַריינגעבערענגט אין אַמביציע און איך האָב אים דערציילט וועגן בונקער און אויך וועגן דעם אַלעם וואָס איך האָב שוין דאָרט „אָנגעגרייט". משה סוכער איז געוואָרן איבעראַשט און איך האָב אים געזאָגט, אַז אויב ער וויל קאָן ער זיך מיט אונז אויסבאַהאַלטן.

— דאָס איז אַ אידעע! — האָט ער געענטפערט — איך וועל שפּעטער געבן תשובה.

— אָבער קיין מענטש טאָר נישט וויסן, — האָב איך אים געבעטן.

שפּעטער איז משה סוכער געקומען און מיר דערקלערט, אַז אַלע וויסן וועגן דער באַהעלטעניש, און ער האָט מיר גע־עצהט, כ'זאָל מיר נישט מאַכן קיין פאַנטאַזיעס מיט אַ בונ־קער. ווען די „הונדערט מענטשן" וועלן נאָר אַוועק אויף „שקאָלנע", וועט מען באַלד אַרומזוכן אין די קעלערן.

נאָכן אויסהערן זיינע רייד איז אויף מיר געפאַלן אַן אומ־טערלישע פאַרצווייפלונג. ווען איך בין פון אים אַוועק אַ שטיקל וועג, האָב איך דערזען אַ פּעקל. כ'האָב עס אויפגעהויבן און אויפגעפּאַקט — אַ פּאָר שיך.

זיי האָבן מיך דערפרייט: עפּעס אַ גוטער סימן!

— מעסט נאָר אָן די שיך! — האָב איך גערופן מיין טאָכטער אַריינקומענדיק אין שטוב — נאָכעלע מעסט אָן די שיך!

אָנגעמאָסטן די שיך האָט זי זיך — צעטאַנצט. די שיך האָבן פונקט געפּאַסט אויף אירע פיס.

---

צומאָרגנס בין איך געשטאַנען און געקוקט ווי אונזערע מענטשן האָבן געאַרבעט ביים אַרויסטראָגן פּעק מכשירים פון די וואַרשטאַטן. צוזאַמען מיט ניי־מאַשינען האָט מען אַלץ אַרויפגעלאַדעוועט אויף פורן. אַלץ האָט מען געגרייט אַוועק־

צופֿירן אין לאַגער אויף שקאָלנע גאַס.

פּלוצים האָב איך דערזען דעם גענעראַל וויינריך מיט נאָך אַ דייטש. הינטער זיי איז אויך געגאַנגען דער פּאָליציי קאָמענדאַנט סיטנער.

סיטנער איז שוין אַ צייט געווען אין פּיאַנקער לאַגער. אַז איך האָב אים דערזען בין איך צו צו אים און געפֿרעגט:

— איר זענט געקומען נאָך מענטשן?

— נאָך מעבל.

— אפשר קען איך מיטפֿאָרן קאַ פּיאַנעק?

—וועגן דעם מוזן זי רעדן מיטן לאַגער פֿירער.

סיטנער האָט מיר געזאָגט, אַז יענער דייטש וואָס גייט מיט וויינריכן, איז דער לאַגער־פֿירער פֿון פּיאַנעק. דאָס דער־הערט בין איך שנעל אַוועק צו שאַלוויצקי, כ'האָב אים אי־בערגעגעבן וועד ס'איז געקומען און ווידער ביי אים געבעטן ער זאָל מיר אַרויסהעלפֿן מיט אַוועקפֿאָרן קיין פּיאַנעק.

— בעטן ביי דייטשן פֿאַר יידן, איז מיר נישט דערלויבט, — האָט שאַלוויצקי מיר דערקלערט — בעט אַליין. דערנאָך וועט מען זען.

ווען איך בין צוריק אַרויס אין גאַס, איז אַרום די אָנגע־לאַדעוועטע פֿורן, שוין געווען פּוסט. דאָס האָבן זיך שוין אַלע געהאַט אָפּגעטראָגן צוליב דעם גענעראַל וויינריך. אויך אין די פֿריערדיקע צייטן, ווען דער גענעראַל פֿלעגט נאָר אַריינקומען אין געטאָ, איז פּוסט געוואָרן אין די געסלעך. די אימה איז שטענדיק געווען גרוים ווען מען האָט נאָר דערהערט זיין נאָמען. רעדן צו אָט דעם פֿאַרשוין וואָלט קיינער נישט ריזי־קירט און איך בין געשטאַנען, און געקלערט ווי אַזוי כ'זאָל מיך ווענדן צו אים. „ער קאָן מיך שיסן", — האָב איך גע־טראַכט. נאָר איידער אַוועקצוגיין אויף „שקאָלנע" איז מיר שוין קראַנטער געווען, אַז דער גענעראַל זאָל מיך דערשיסן.

אָבער ווי נאָר כ'האָב מיך געוואָלט צו אים דערנענטערן, האָט זיך מיר עמיצער געשטעלט אין וועג. דאָס איז געווען

סיטנערס פאַרטרעטער. — „מ'וועט אייך שיסן" — האָט ער שטיל אַ זאָג געטון און מיר ווידער פאַרשטעלט דעם וועג.

סיטנערס פאַרטרעטער האָט זיך מיט מיר געאַמפּערט און מיטאַמאָל האָט זיך דערהערט וויינריכס קול:

— וואָרום לאָסטו נישט די פֿרױ?

איך האָב אויסגערופֿן:

— הער אָבער!

און גלייך האָב איך ביי אים אָנגעהויבן בעטן, אַז כ'וויל פֿאָרן קיין פּיאַנעק מיט מיינע קינדער.

ער האָט מיר געענטפֿערט, אַז קינדער, קומען נישט אין פֿראַגע. ער האָט זיך געחידושט וואָס איך האָב נאָך קינדער... איך האָב געזאָגט, אַז זיי זענען שוין דערוואַקסענע. איך בין געלאָפֿן נאָך מיין זון. ווען כ'האָב אים פֿאַרגעשטעלט פֿאַרן פּיאַנקער לאַגער-פֿירער האָט דער לאַגער-פֿירער געפֿרעגט, צי מיין זון איז עפּעס אַ פֿאַכמאַן?

— מעכאַניק, — האָט מיין זון געענטפֿערט.

— זאָלכע לויטע בראַוכען וויר אין פּיאַנעק! — האָט דער לאַגער פֿירער אַ זאָג געטון צו וויינריכן און וויינריך האָט גע־הייסן כ'זאָל ברענגען אַן „ענטלאַסונג" פֿון שאָפּ.

איך בין אַוועק צו שאַלוויצקי נאָך דער „ענטלאַסונג", האָט ער מיר דערקלערט, אַז דאָס באַלאַנגט צו גרעבינען. גרעבין, דער פֿאָלקס-דויטש, האָט אָבער געטענהט, אַז אַלע גוטע שאָפּ־אַרבעטער האָט מען אַוועקגעשיקט און אַז איך בין אַ גוטע אַרבעטערין זאָל ער מיך באַפֿרייען?

— ניין, ניין! — האָט גרעבין מיר געזאָגט — דיך דאַרף מען האָבן אויף שקאָלנע!

— זי איז נישט אויף דער ליסטע, — האָט שאַלוויצקי זיך אָנגערופֿן — אויף שקאָלנע, איז נאָר דערלויבט אַריינצופֿירן יענע, וועלכע זענען אויף דער ליסטע.

— ווי אַזוי קומט זי אַהער? — האָט גרעבין זיך גע־חידושט — פֿונוואַנען נעמט זי זיך דאָ, אַז מיר האָבן זי נישט

אויף דער ליסטע?

— זי איז געווען אויסבאַהאַלטן מיט די קינדער, — האָט שאַלוויצקי געזאָגט.

— אויסבאַהאַלטן מיט קינדער? אַזעלכע דאַרף איך נישט!

— האָט גרעבין אויסגעשריגן מיט כעס — יידן וואָס קענען זיך אויסבאַהאַלטן, וויל איך נישט מער!

און ער איז נעלם געוואָרן.

שאַלוויצקי איז אים נאָכגעלאָפן און אַ ביסל שפּעטער מיר געבּרענגט אַן „ענטלאַסונג" פון דעם גרעבין.

ווען כ'האָב דאָס פּאַפּיר אַרויסגעטראָגן צום פּיאָנקער לאַגער-פירער האָט ער געהייסן, אַז מיין זון זאָל אויסזוכן שיין מעבל. מען דאַרף אַוועקפירן שיין מעבל קיין פּיאָנעק.

אפשר אין אַ שעה אַרום זענען אַלע „גייערס אויף שקאָלנע" אַרוים פון געטאָ. נאָכהער האָט מען אַרויסגעפירט אָנגעלאָדענע פורן מיט שאַפ-מכשירים. נאָכהער זענען געקומען אוקראַינער מיט האַמערס און אָנגעהויבן אומוואַרפן דעם געטאָ-פּאַרקאַן.

באַלד איז געוואָרן אוים געטאָ. פון אַלע זייטן האָבן זיך אַריינגעלאָזט פּאָליאַקן. ווײַנריך האָט געהייסן, אַז מיין זון זאָל אים צושטעלן אַ טיש מיט אַ שטול. מיין זון האָט אים צוגעשטעלט אַ שטול מיט אַ טיש. דער גענעראַל האָט זיך אַנידערגעזעצט ביים טיש און אָנגעהויבן אויסצופּאַרקויפן מעבל מיט פאַרשידענע זאַכן, וואָס האָבן פאַרלייגט אַ שטיק גאַס. איך מיט מיינע קינדער זענען געשטאַנען און געקוקט ווי דער גענעראַל שטאָפּט זיך אַן קעשענעס מיט געלט פאַרן רויב פון אַרויסגעשיקטע און אויסגעמאָרדעטע משפחות.

כ'האָב געזען ווי אַ פרוי האָט אָפּגעקויפט אַ שיינעם טיש מיט אַ שיינע גאַרדעראָב-שאַנק. נאָכהער האָט זי געהיים צוגעשלעפּט אַ פוכן קישן. אויף אָט דער פרוי האָב איך געוואָלט אויסשרייען מיין גאַנצן צאָרן.

— האָסט ווינציק? — האָב איך אַ פרעג געטון.

די פרוי האָט מיך פאַרחידושט אָנגעקוקט. זי האָט ערשט

דערזען ווער איך בין. כ׳האָב ווידער עפּעס געפרעגט, נאָר זי האָט שוין גאָרנישט פאַרשטאַנען וואָס איך רעד.

זי האָט זיך עפּעס דערשראָקן אָפּגערוקט, די פרוי. דערנאָך האָט זי זיך אַרומגערינגלט מיט אַ גרופּע ווייבער און אויף מיר אָנגעוויזן.

אין עטלעכע מינוט אַרום האָבן זיך אַלע אויפקויפער אָפּגעטראָגן פון דעם „מאַרק" און דער גענעראַל איז געבליבן ביים טיש אָן קונים.

## V

צום פּיאָנקער לאַגער זענען מיר געפאָרן אויף אַ לאַסט־מאַשין, וועלכער איז געווען אָנגעשטעלט מיט מעבל. נעבן מיר איז געזעסן סיטנער. ער האָט געקוקט אויפן קויש ברויט וואָס מיין זון האָט אין די לעצטע מינוטן געהאַט אַרויסגעכאַפּט פון דער געטאָ בעקעריי. וועגן דעם קויש מיט געבעקס האָט סיטנער נישט אַרויסגערעדט קיין וואָרט, אָבער עס האָט אים געוואונדערט וואָס איך האָב מיט זיך נאָך אַנדערע פּעק.

— אַזויפיל זאַכן? — האָט ער געפרעגט — אין לאַגער וועט מען אַלץ אַוועקנעמען!

— פון מיר וועט קיינער נישט נעמען, — האָב איך געזאָגט.

— זי זענען אַ נאַרישע פרוי! פון יעדן האָט מען אַוועקגענומען! — האָט סיטנער געענטפערט — אין לאַגער איז אַ געזעץ, אַז מען נעמט צו!

---

דער פּיאָנקער אַרבעטס־לאַגער האָט זיך געפונען אין אַ וואַלד פון סאָסנע ביימער. אין דעם לאַגער זענען מיר אַריינגעקומען אויף אַ גאַנץ אַנדערן אופן ווי עס פלעגט געשען מיט טראַנספּאָרטן. יעדער טראַנספּאָרט מיט יידן איז דורכגעגאַנגען אַ שטרענגע מערדערישע קאָנטראָל: פון אַלעמען האָט מען

אוועקגענומען דעם באַגאַזש; מיט קלעפּ האָט מען אַלעמען געטריבן אין באָד אַריין. אָבער צוליב דעם וואָס דער לאַגער-פֿירער האָט זיך מיט אונז געפֿונען אויף דער לאַסט-מאַשין, איז מיר געלונגען (מיט דער הילף פֿון אַ לאַגער יינגל) אַריינצושמוגלען מיינע פּעק. מיך מיט מיינע קינדער האָט מען אין באָד אַריין נישט געטריבן. מען האָט אונז נאָר אַריינגעפֿירט אין בודינעק פֿון דער יידישער פּאָליציי ביז מיר וועלן באַקומען אָרט אין אַ באַראַק. אַ ביסל שפּעטער האָט אַ פּאָליציאַנט מיך גערופֿן כ'זאָל מיט אים מיטגיין: ער וועט מיר ווייזן דעם באַראַק. איך בין געגאַנגען אָנקוקן דעם באַראַק איבערלאָזנדיק מיינע קינדער ביי די פּעק. נאָר ווען כ'בין צוריקגעקומען איז שוין מיין זון געווען ערגעץ אינדרויסן. אַ פּאַק מיט זאַכן איז שוין געהאַט פֿאַרשוואונדן. עס האָט געפֿעלט דער קויש מיט ברויט. כ'האָב געשריגן אויף מיין טאָכטער, אָבער זי האָט גאָרנישט געזען ווער עס האָט גענומען.

— כ'גיי דערציילן דעם לאַגער פֿירער! — האָב איך מיט געשריי זיך געוואָנדן צו סיטנערן — איר זענט דאָ קאָמענדאַנט! אָן אייער וויסן, וואָלט גאָרנישט פֿאַרשוווּנדן!

סיטנער האָט זיך אַ ביסל דערשראָקן און מיך ערגעץ גערופֿן וואו ער וועט מיר צוריקגעבן דאָס ברויט. אויפֿן וועג האָט ער אַ פֿרעג געטון:

— זי ווייסן אַז מענטשן הונגערן דאָ?

דערנאָך האָט ער געזאָגט:

— פֿרוי פּוקס, איך האָב נישט גענומען אייער ברויט.

— אָן אייער וויסן, וואָלט גאָרנישט געשען! איר זענט קאָמענדאַנט! די פּאָליציי טוט גאָרנישט אָן אייער באַפֿעל!

סיטנער האָט געענטפֿערט:

— כ'האָב אייך באַלד געזאָגט: — מ'נעמט אַלץ אַוועק! אין לאַגער איז אַזאַ געזעץ!

כ'האָב איינגעזען, אַז ס'איז פֿאַרפֿאַלן, האָב איך גענומען די איבערגעבליבענע פֿאָר פּעקלעך און דערמיט אַריין אינעם

באַראַק, וואו מען האָט פאַר מיר געהאַט באַשטימט אַן אָרט.

אין באַראַק האָב איך געטראָפן באַקאַנטע ראַדאָמער מייד־לעך, מיט ראַדאָמער פרויען. אַלע האָבן זיך געוואונדערט אי־בער מיינע פאַר אָפּגעראַטעוועטע פעקלעך. מען האָט גאַרנישט געקאָנט באַגרייפן ווי אַזוי דאָס איז מיר געלונגען אַריינצוקריגן אין לאַגער. — „ווי אַזוי? ווי אַזוי?" — האָט מען געפרעגט. מער פון אַלעמען האָבן דאָס געפרעגט אַזעלכע פרויען, וואָס ביז דער מלחמה האָבן זיי געפירט אַ ברייט לעבן, ווייל דאָק־טוירים, פאַבריקאַנטן און גרויסע געשעפטס־לייט זענען געווען זייערע מענער.

מיין אָרט האָב איך געהאַט אין שכנות מיט אסתר מאַנ־דעלבוים. אסתר מאַנדעלבוים איז געווען מיט דריי טעכטער מיט אַ זון מיט אַן איידעם און מיט צוויי אייניקלעך. די פרוי מאַנדעלבוים איז געווען די איינציקע אין באַראַק מיט אַזאַ משפחה. אירע טעכטער האָבן געהאַט געאַרבעט אין די געטאָ־וואַרשטאַטן. אַלס די צייטווייליקע באַלעבאָסטע פון באַ־ראַק האָט די פרוי מאַנדעלבוים מיר געגעבן עצות וועגן איינ־אָרדענען מיין ווינקל, וואו כ'האָב באַדאַרפט ליגן מיט מיינע קינדער.

— אין אַנדערע באַראַקן גנבעט מען. אונזער באַראַק איז דער בעסטער, — האָט די מאַנדעלבוים צו מיר גערעדט — סאַמע באַלעבאַטישע מענטשן.

אין דעם באַראַק האָט מען נאָך נישט געהאַט אויפגע־שטעלט קיין נאַרעס. פאַרפעלקער זענען נאָך געווען צוזאַמען און נאָך געשלאָפן צוזאַמען. אינאָוונט האָט מען געהערט קריגערייען צוליב אַ שטיקל פּאָדלאָגע. איך בין געזעסן אין מיין צוגעטיילט ווינקל. מיין קאָפּ איז מיר געווען צעטומלט. פּלוצים האָט עמיצער מיר אַ שטויס געטון אין אַן אַקסל. ס'איז געווען פרוי מאַנדעלבוים. זי האָט אָנגעהויבן פרעגן פאַרוואָס איך מאַך מיר נישט קיין עסן און צי איך האַלט פון אסתר תענית?

— היינט איז אסתר תענית? — האָב איך געפרעגט.
— יאָ.
— אויב אַזוי וועט מאָרגן זיין פורים, — האָב איך גע־זאָגט — כ׳וועל האָבן אַ גוטן סימן, ווען כ׳בין געקומען קאַ פּיאַנעק.
די פרוי מאַנדעלבוים האָט זיך איבער מיר צעלאַכט.
— וואָס? — האָט זי געפרעגט — קלערסט, וועסט נאָך פונדאַנען אַרויס לעבעדיק? מאַכסט דיר גאָר סמנים?

---

אויפן צווייטן, אָדער דריטן טאָג, האָט שוין מיין זון גע־אַרבעט ביים אויסרעפּערירן פאַבריק מאַשינען. מיך מיט מיין טאָכטער האָט מען אויך באַפוילן צו שיקן אויף אַרבעטס-פּלע־צער, האָט אָבער סיטנער די אַרבעטס-פּלעצער „פאַרקויפט" און מיך מיט מיין טאָכטער האָט ער געהייסן וואַרטן.
איינמאָל אין אַ פרימאָרגן ווען אינדרויסן איז פונקט גע־לעגן אַ פריש אַנגעפאַלענער שניי, די זון האָט געשיינט, איז די לאַגער פּאָליציי געגאַנגען פון באַראַק צו באַראַק און יעדן אַרויסגעטריבן. אפילו קראַנקע מיט טעמפּעראַטור האָבן גע־מוזט אַרויסגיין בייוואוינען די עקזעקוציע איבער דריי יידי־שע מענער.
נישט ווייט פון לאַגער טויער איז געווען אויפגעשטעלט אַ תליה. ווען דער גאַנצער לאַגער עולם האָט זיך געהאַט פאַרזאַמלט ביי דער תליה, האָט אַ דייטשע וואך פון ערגעץ אַרויסגעפירט די דריי מענער. אַלע האָבן געהאַט אַרונטערגע־בונדענע הענט.
צוויי פון די מענער, האָבן שוין קוים געשלעפּט די פיס צו דער תליה. דער דריטער האָט נאָך אויסגעזען שטאַרק. ער איז געגאַנגען מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ, אָבער זיין יונג פּנים איז געווען פינצטער.
זיין יונגע שוואַנגערע פרוי, האָט שוידערלעך געיאָמערט, ווען דער לאַגער קאָמענדאַנט האָט זיך אוועקגעשטעלט פאַרן

עולם און דערציילט די „חטאים״ פון די דריי קרבנות.

דער קאָמענדאַנט האָט זיי באַשולדיקט אין „סאַבאָטאַזש״. נאָכהער האָט ער גערעדט וועגן דייטשער „אָרדענונג״... נאָכהער האָט דער קאָמענדאַנט געפאָדערט, אַז עמיצער פונעם עולם זאָל זיך „פרייוויליק״ מעלדן אַלס תליון.

ווען ער האָט אָבער געזען, אַז קיינער מעלדעט זיך נישט האָט דער קאָמענדאַנט זיך בּאַראַטן מיט זיינע לייט. נאָכהער האָט ער אויסגערופן, אַז ווער עס וועט זיך „פרייוויליק״ מעלדן וועט באַקומען:

„צוויי וואָכן אורלויב״...

ווען דאָס האָט אויך גאָרנישט געהאָלפן, האָט דער קאָמענדאַנט אויסגערופן:

„אונד צען פונט צוקער!״

עטלעכע מאָל האָט דער קאָמענדאַנט געשריגן צום עולם:

„צוויי וואָכן אורלויב! אונד צען פונט צוקער!״

צום סוף איז דאָס דעם קאָמענדאַנט געלינגען: אַ יונג מיט אַ קרעציק פּנים האָט זיך געמאָלדן אַלס תליון.

עטלעכע שעה שפּעטער האָט מען שוין אין גאַנצן לאַגער געוואוסט, אַז אין דער צייט פון דער עקזעקוציע, איז אַנטלאָפן דער ראַדאָמער יובעליר יאַנקעלע וויינגאַרט מיט זיין פרוי און זון, וועלכע האָבן געאַרבעט אין דער געווער־פאַבריק. צומאָרגנס האָב איך מיט מיין טאָכטער זיך געדאַרפט שטעלן אויף זייערע אַרבעטס־פּלעצער. ווער עס האָט דאָס דערהערט האָט זיך געכאַפּט ביים קאָפּ און מיר געזאָגט, אַז אויף די אַרבעטס־פּלעצער פון די אַנטלאָפענע, וועלן מיר לאַנג נישט אָנטרייבן. האָב איך נישט געקלערט קיין סך. כ׳האָב אָנגעווענדט מיין אויספּרובירט מיטל פון געטאָ: כ׳האָב מיך אויסבאַהאַלטן... און ווען כ׳בין צוריקגעקומען פון דער באַהעלטעניש האָט שוין סיטנער געהאַט אַרויסגענומען אַ טייל פון מיינע זאַכן, וואָס כ׳האָב איבערגעלאָזט אינעם באַראַק. אפילו אַ פּאָר האַנטעכער צום אָפּווישן ס׳פּנים האָט געפעלט.

— דאָ קראַפּירט מען! דאָ זענען נישט פאַראַן קיין יחסנים!
— האָט סיטנער געשריגן און אַלס צולאָג האָט ער מיך פאַר־שלאָסן אין קאַרצער אויף אַ גאַנצע נאַכט.

---

נאָך דער נאַכט האָט מען מיך מיט מיין טאַכטער צוגע־טיילט צו אַ פּאַרטיע פּרויען, מען האָט אונז געפירט אויף אַר־בעט אין דער געווער־פאַבריק.

פּונקט ווי דער לאַגער האָט זיך געפונען אין וואַלד, האָט די פאַבריק זיך אויך געפונען אין וואַלד.

מיר זענען פאַרבייגעגאַנגען פאַרשידענע פאַבריק־אָפּטיי־לונגען ביז מען האָט אונז אריינגעפירט אין אַן אָפּטיילונג מיט ריזיקע, עלעקטרישע אויוונס. פון די אויוונס האָט גע־שלאָגן מיט איבער צוויי הונדערט גראַד היץ.

אין אָט דער חמימה, זענען נאָך אַ גאַנצער נאַכט האָ־רעוואַניע, געשטאַנען אויסגעמוטשעטע מיידלעך מיט פרויען. אַלע האָבן געאַרבעט ביי כלערליי סאָרטן פּראָך. פון אָנהויב האָב איך גאָרנישט געוואוסט, אַז פּראָך איז פאַראַן פאַרשידענע סאָרטן. כ׳האָב אויך נישט געוואוסט, אַז דער פּראָך פאַר האַרמאַטן ווערט געפּאַקט אין פלאַנדעקענע זעק און דער פּראָך פאַר ביקסן אין — קאַסטנס.

דאָס אַלץ האָב איך זיך ערשט דעמאָלט דערוואוסט, ווען די מיידלעך מיט די פרויען וואָס מיר האָבן געטראָפן זענען אַוועק און די פּאַרטיע מיט וועלכע איך בין געקומען האָט זיך געשטעלט צו דער אַרבעט.

מיך מיט מיין טאַכטער האָט מען געשטעלט אַלס טרעגע־רינס. מיר האָבן באַדאַרפט אַרויסטראָגן קאַסטנס מיט פּראָך צו אַ פּולמאַן־וואַגאָן.

שוין ביים ערשטן קאַסטן, האָב איך דערפילט ווי אַלץ אין מיר רייסט זיך אָפּ, דאָך האָב איך געהויבן אַ קאַסטן נאָך אַ קאַסטן.

— מאַמעליו, יאָך קאָן נישט מער הייבן, — האָט מיין

טאָכטער זיך באַקלאָגט — לאָמיר זיי ריקן, די קאַסטנס.

צו דעם פּלאַן איז צוגעשטאַנען נאָך אַ קאַסטן טרעגערין. דאָס איז געווען די ראַדאָמער פרוי חיהלע ריכטמאַן.

די ערשטע פּאָר קאַסטנס האָבן מיר בשלום אַרויסגערוקט צום פּולמאַן-וואַגאָן, אָבער ווען מיר האָבן דאָס זעלבע געטון מיט אַנדערע קאַסטנס פּראָך, אַזוי האָט אויף אונז געגומען פאַלן מערדערישע קלעפּ. מיך האָט דער שלעגער גאַרנישט אָפּגעלאָזט. ער האָט מיר געהאַקט איבערן קאָפּ, אין די אויגן, און אין מיר אַריינגעקאָפּעט. איז אים נאָך קנאַפּ געווען זיינע הענט און פיס, האָט ער מיר נאָך דערלאַנגט מיט אַ שטעקן. דאָס האָט אַזוי געדויערט ביז עמיצער האָט דעם שלעגער אָפּגעשטעלט.

— סאַבאָטאַזש! סאַבאָטאַזש! — האָט ער געשריגן.

פון די קלעפּ בין איך געבליבן ליגן און זיך נישט גע־קענט רירן. מיין טאָכטער מיט דער פרוי חיהלע ריכטמאַן האָבן מיך קוים אויפגעזעצט, האָבן אויף מיר געגאָסן וואַסער ביז כ׳האָב אַרויסגערעדט אַ וואָרט. דעם גאַנצן טאָג דערנאָך האָט שוין פאַר מיר געאַרבעט די פרוי ריכטמאַן. זי איז נאָך געווען אַ שטאַרקע פרוי און די קלעפּ האָבן זי אַזויפיל נישט געטראָפן ווי מיך.

פאַרנאַכטצו, ווען די אַרבעט האָט זיך געענדיקט, האָט מיין טאָכטער מיט דער פרוי ריכטמאַן מיך צוריקגעפירט צום לאַגער. אויפן וועג בין איך געוואויר געוואָרן, אַז דעם שלעג־גערס נאָמען איז זימאַן, אַז ער שפּיאָנירט אין אַלע פאַבריק־אָפּטיילונגען, און אַז שטענדיק טראָגט ער מיט זיך אַ סאָרט ראַפּניק וואָס דער שפּיץ דערפון איז שאַרף ווי אַ מעסער.

— זי האָבן נאָך געהאַט נסים — האָט מען מיך גע־טרייסט — וואָס דער סאַדיסט האָט נישט געהאַט מיט זיך דעם ראַפּניק.

אין באַראַק האָט אַ דאָקטאָרס פרוי מיר אַרומגעבעט ס׳גאַנ־צע לייב מיט קאָמפּרעסן, נאָר עס האָט קנאַפּ געהאָלפן. איך

האָב געקריגן שטאַרקע היץ און נישט געקענט מער גיין אין דער פאַבריק אַריין.

אָבער קראַנקערהייט האָט מען אויך געמוזט אַרבעטן, האָב איך דורך מיין טאָכטער געבעטן ביים מייסטער ער זאָל דער־לויבן מיין זון צו אַרבעטן פאַר מיר ביינאַכט, ווייל בייטאָג האָט ער זיין אייגענע אַרבעט. דער מייסטער האָט אָבער נישט געוואָלט גלויבן, אַז איך האָב אַזאַ דערוואַקסענעם זון. ער איז זיכער געווען, דער מייסטער, אַז איך פאַרמאָג אַ סך געלט, וויל איך שטעלן אַ „באַצאָלטן" מענטש אויף מיין אָרט.

ערשט נאָך אַן אויספאָרשונג, האָט דער מייסטער איינ־געשטימט אויף מיין בקשה און נאָך אַ גאַנצן טאָג פאַרשידענע האָרעוואַניע פאַר זיך, האָט מיין זון ערשט געמוזט טון נאַכט האָרעוואַניע, פאַר מיר.

דאָס האָט אַזוי געדויערט עטלעכע מעת לעת. אָבער פון אַרבעטן טאָג און נאַכט האָט שוין מיין זון אויסגעזען ווי ער וואָלט אָפּגעזעסן חדשים אין קאַרצער. כ'האָב געמוזט זיך אויפהויבן און צוריקגיין אין דער פאַבריק אַריין. ווען דער מייסטער האָט דערזען מיין מעמד מיט מיין צעהאַקט פּנים האָט ער אויף מיר רחמנות געקריגן און געזאָגט, אַז ער וועט מיך שטעלן צו גרינגערע אַרבעט.

אַ פרימאָרגן דערנאָך האָט ער מיך געשטעלט אין אַן אָפּ־טיילונג ביים דורכמישן פּראָך אין אַ מאַשין. ביי דער מאַשין האָט מען אָבער באַדאַרפט שטיין 10 שעה נאָכאַנאַנד. אַ מינוט האָט מען נישט געטאָרט זיצן.

פון דעם שטיין נאָכאַנאַנד האָב איך געקריגן געשוואָלענע פיס. נאָר דאָס איז נישט געווען אַזוי שלעכט. דאָס ערגסטע איז געווען, וואָס אויף מיר האָבן ווידער געוואַרט צוועלף קאַסטנס פּראָך צום הייבן. באַלד נאָכמיטאָג האָב איך מיט גרויס מאַטערניש דערשלעפּט אַ פּאָר צום פולמאַן־וואַגאָן. ביים דריטן האָב איך זיך צעוויינט. דאָס האָט פּונקט באַמערקט די אויפזעערין. זי האָט אַ זאָג געטון:

— די פרוי איז קראַנק!

דערנאָך האָט די אויפזעערין געמאָלדן, אַז זי וועט מיך — אַרויסגעבן.

„אַרויסגעבן" — האָט געמיינט דער סוף. — האָבן כמעט אַלע מענער פון דער אָפּטיילונג צוגעזאָגט דער אויפזעערין, אַז זיי וועלן מיר אַרויסהעלפן. און עטלעכע מאָל, ווען איך האָב געהאַט צו הייבן קאַסטנס פולווער, האָבן מיר טאַקע אַלע געהאָלפן. נאָכהער האָט יעדער זיך געמאַכט נישט זען. איך האָב אויך גאָרנישט געקענט פאַרלאַנגען פון קיינעם, ווייל יעדער פון די מענער האָט געגנוג שווער געהאָרעוועט פאַר זיך. די לאַסט האָבן ווידער געהאַט מיינע קינדער. מיין זון פלעגט זיך אַוועקגנבענען אויף אַ שעה פון זיין אַרבעט. דאָס זעלבע פלעגט אויך טון מיין טאָכטער, וועלכע איז געשטאַנען אין אַ שרעקלעכער היץ ביים טריקענען פאַרשידענעם פראָך. אָבער די הילף, וואָס מיינע קינדער פלעגן מיר געבן, איז געווען צו ווינציק. אין אַ קורצער צייט אַרום בין איך ווידער פאַר־בליבן אין באַראַק מיט הויכע טעמפּעראַטור.

ווען איך בין צוריקגעקומען צו דער אַרבעט האָט מיר גענומען אַרויסהעלפן אַ לאַדזשער פרוי זילבערשטיין (היינט אין פּאַריז). די פרוי זילבערשטיין האָט מיך באַהאַנדלט מוטער־לעך. ווי נאָר איך האָב געהאַט צו הייבן קאַסטנס צום פולמאַן־וואַגאָן, איז זי צוגעקומען צו מיר און געזאָגט:

— זאָרגן זי נישט.

די פרוי זילבערשטיין האָט אַלץ געטון מיר צו פאַרלייכ־טערן און איך האָב אָנגעהויבן טראַכטן וועגן אַנטלויפן פון דעם לאַגער.

אין דער געווער־פאַבריק האָבן אויך געאַרבעט פיל קריסטן, האָב איך כמעט יעדן טאָג עפּעס מיטגענומען פון די זאַכן וואָס איך האָב נאָך געהאַט פון געטאָ און דאָס פאַרקויפט צו אַ קריסטלעכער פרוי. די פרוי האָב איך געוואוסט, פירט אַרויס אויף דער פוילישער זייט, האָב איך באַשלאָסן מיט איר צו רעדן,

אז זי זאָל מיך אַרויספירן קיין ראַדאָם.
נאָר ווען איך האָב מיט דער פרוי שוין אַלץ געהאַט אָפּ־גערעדט, האָט עפּעס פּאַסירט מיט מיין טאָכטער: זי האָט צעבראָכן אַ האַנט ביים אַראָפּשפּרינגען פון אַ פולמאַן־וואַגאָן. דאָקטאָר סענדעראַוויטשעס ווייב, די קראַנקן־שוועסטער פון לאַגער, האָט איר די האַנט איינגעברעטלט און איר פאַרשריבן פיר וואָכן צו זיצן אין באַראַק.
און אין באַראַק האָבן אַלע מקנא געווען מיין טאָכטער מיט דער צעבראָכענער האַנט.
— אָט דאָס הייסט מזל! — האָט יעדער געטענהט — נישט יעדן טרעפט אַזאַ גליק!

# VI

אין אַ פרימאָרגן האָט אין לאַגער זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז עס שטייט פאַר אַ גרויסע שטראָף פאַר אַלע וואָס אַרבעטן ביים פּראָף. דער פּראָף, האָט מען געזאָגט, — שיסט נישט. יידן מאַכן סאַבאָטאַזש.
פון דער נייעס, איז מיר געוואָרן קאַלט און וואַרעם. ווען נישט מיין טאָכטערס צעבראָכענע האַנט, וואָלט איך אפשר שוין געווען אויף דער פּוילישער זייט. אַזוי מוז איך מיך אויפסניי גרייטן צו צרות. ווער ווייסט וואָס די מערדער קאָן איינפאַלן?
דעם זעלבן פרימאָרגן, ווי נאָר מיר זענען געקומען צו דער אַרבעט האָט דער מייסטער דערקלערט, אַז מען וועט נישט געבן קיין מיטאָג. אַלע וועלן מוזן אַרבעטן אָן עסן. נאָר דאָס איז נישט אַלץ: שפּעטער וועט ערשט באַוואוסט ווערן וועלכע „שטראָף" מען האָט פאַר אונז באַשטימט.
אונזערע מענטשן האָבן געטענהט:
— אַבי נישט קאַ טויט, וועלן מיר זיי איבערלעבן.
אָבער איין פרוי האָט געזאָגט, אַז מען טאָר גאַרנישט

אזויפיל איינשטעלן, אַז מען דאַרפט מאַכן גוטן פולוועל.

— זי ווייסן ווער עס געפינט זיך אויף די פראַנטן? — האָט מען דער פרוי געפרעגט — אויף די פראַנטן געפינען זיך אונזערע ברידער!

נאָכהער האָט יעדער געטענהט, אַז ווען מיר זאָלן קיינעם נישט האָבן אויף די פראַנטן, טאָרן מיר אויך נישט מאַכן דעם פולווער וואָס זיי ווילן. זיי מוזן פאַרלירן! זיי טאָרן נישט געווינען! אונזערע אויסגעמאָרדעטע קינדער מוז מען גע־דענקען! ביים דערמאָנען די קינדער, זענען אַלע געוואָרן ווילד. וואָס האָבן מיר נאָך איינצושטעלן? וואָס האָבן מיר מורא? — האָט מען זיך געפרעגט — מיר ווען מאַכן נאָך ערגערן פראַך! — און ווי מיר האָבן אַזוי גערעדט, האָט מען דערהערט עמיצנס אַן אויסגעשריי. באַלד האָבן זיך באַוויזן אַלע מייסטערס פון דער פאַבריק. די מייסטערס האָבן זיך אוועקגעשטעלט אָבסערווירן ווי אַזוי מיר טוען די אַרבעט. צווישן די מייסטערס האָט זיך געפונען דער סאַדיסט זימאַן, וועלכער האָט מיך געשלאָגן ביים „רוקן” די קאַסטנס. ס'איז אויך געווען איינער וואַגנער, אַ הויכער און שיינער ברונעט, נישט קיין דייטש. און דעמזעלבן פאַרנאַכט, ווען ס'איז געקר־מען דער באַפעל, אַז מיר זאָלן אַרבעטן 36 שעה אָן אָפּרו, האָבן מיר זיך דערוואוסט, אַז דאָס האָט פאַר אונז אויסגע־פועלט דער שיינער ברונעט וואַגנער. ווען נישט דער וואַגנער, וואָלטן מיר אַלע באַקומען טויט שטראָף.

ווען די אַרבעט־שעהן האָבן זיך צוריק איינגעשטעלט ווי געווען, פלעג איך מיט דער פרוי זילבערשטיין אַרום אויף דער לופט אין וואַלד. כמעט יעדן אָוונט פלעגן מיר אָפּליגן אַ צוואַנציק מינוט צווישן די וואַלד קשאַקעס.

צוריקוועגס פון די קשאַקעס האָבן מיר איינמאָל אַ ביסל פאַרבלאָנדזשעט צווישן בוימער נישט ווייט פון אַ קליין זומ־פיק וואַסער. עטלעכע טריט פון דעם וואַסער האָט זיך גע־צויגן אַ לענג שינעס איבער וועלכע מען פלעגט אָפּטראַנס־

פאַרטירן קאַסטנס מיט פאַרשידענע מלחמה מאַטעריאַלן צו דער באַן סטאַציע. „מ'זאָל אונז דאָ טרעפן", — האָט פרוי זילבערשטיין אַרויסגעשעפטשעט. און מיטאַמאָל האָבן מיר עפּעס דערהערט איבער די שינעס. — „אַ פולמאַן וואַגאָן", — האָט פרוי זילבערשטיין געזאָגט — „קומען זי". מיר האָבן זיך שנעל באַהאַלטן אין דער פינצטערניש צווישן די בוימער, טאָמער איז דער סאַדיסט זימאַן באַגלייטער פון דעם פולמאַן וואַגאָן? אָבער ווען דער וואַגאָן האָט זיך צו אונז דערנענטערט, האָבן מיר דערהערט שטימען פון סאַמע אַרבעטער.

— בלויז יידן? — האָב איך געפרעגט פון דער באַהעל־טעניש.

— יאָ, בלויז יידן!

— אַלע יידן? — האָב איך איבערגעפרעגט.

— יאָ, אַלע יידן!

— און פון זייערע? — האָט זיך אָנגערופן די פרוי זיל־בערשטיין.

— מיר זענען בלויז יידן! וואָסי?

די פרוי זילבערשטיין האָט זיך דעמאָלט דערלויבט אַ ביסל שפּאַס, אָבער די יידן זענען אַריין אין דער פאַבריק און דערציילט, אַז ווען זיי זענען געקומען מיטן וואַגאָן צום וואַסער, האָבן זיי געהערט פון „געהיימע מענטשן" אַז „די קריג ענדיקט זיך..." פון דער ידיעה האָט אַן עלטערער פאַבריק אַרבעטער געחלשט און אַלע מייסטערס זענען אַרוים מיט רעוואָלווערן צו די „געהיימע מענטשן" ביים וואַסער. איך מיט דער פרוי זילבערשטיין זענען שוין צוריק געשטאַנען ביי דער אַרבעט, בעת די מייסטערס האָבן נאָך ערגעץ אַרומגעזוכט די „געהיי־מע מענטשן".

— זאָל דאָס זיין אמת? — האָט מען געפרעגט אין אונ־זער אָפּטיילונג.

— בהמות, וואָס גלויבט איר? — האָט זיך אָנגערופן פרוי זילבערשטיין — וואָסערע געהיימע מענטשן? מיר, מיר

זענען געווען די געהיימע מענטשן! — האָט זי אָנגעוויזן אויף מיר און אויף זיך.

---

עטלעכע טעג שפּעטער, אָדער אַ וואָך שפּעטער, האָט מען נישט געפירט אין דער פאַבריק אַריין אויף נאַכט־אַרבעט און איידער ס'איז געוואָרן טונקל, האָט מען דערהערט אַ שטאַרקע באָמבאַרדירונג. אָפּטיילונגען פון דער פאַבריק האָבן געברענט, נאָר עס האָט אויסגעזען, אַז די גאַנצע געווער־פאַבריק איז אַרומגעכאַפּט פון פלאַמען. און וואָס מער עס האָט אין דרויסן געפּלאַקערט, אַלץ מער האָט עס אונז אָנגעוואַרעמט מיט האָפענונג. אין די לאַגער־באַראַקן האָט מען נאָר געבעטן אויף מער פייער און מער באָמבעס.

אינדערפרי איז אָבער צוריק געווען שטיל. מען האָט שוין נישט געהערט קיין אויפרייסן. מען האָט שוין נישט געזען קיין פייערן. איבער די וועלדער האָט זיך נאָר געדויכערט פון דער נאַכט־שרפה.

אַרום צוועלף בייטאָג איז געקומען דער לאַגער־פירער. ער האָט געמאָלדן, אַז אַלע פאָרן אַוועק. עס שטייען שוין וואַגאָנען. מיר זאָלן גאָרנישט זאָרגן, וואָרים מיר פאָרן אין אַ צווייטער וואָפן־פאַבריק, וואו מען וועט אונז זייער גוט אויפנעמען, ווייל מיר זענען גוטע אַרבעטער.

— יעצט איז מען פאַרלוירן, — האָט מען זיך געזאָגט — יעצט נעמט מען אונז אין דער אמתער קליאַטקע.

קיינער האָט נישט געהאַט קיין צוטרוי צו די „גוטע" רייד פונעם לאַגער־פירער. אַלע האָבן פאַרשטאַנען „וואוהין" די וואַגאָנען וועלן אונז אַוועקפירן.

אָבער אַלע האָבן זיך געגרייט אין וועג אַריין.

שמואל דאַנציגער, אסתר מאַנדעלבוימס איידעם, האָט געהאַט צוויי קינדער: אַ מיידעלע פון 8 יאָר און אַ יינגעלע פון 3 יאָר. אויף ביידע קינדער האָט דער פאָטער אָנגעהאָנגען פּלעצאַקלעך. סאַ פּחד געווען צו קוקן אויף די קינדער מיט

זייער באַגאַזש. אונזערע „לעצטע" קינדער. די עלטערן האָבן אַלץ געטון זיי צו דערהאַלטן. צום סוף וועט מען זיי מיט אַלעמען צוזאַמען אַריינפּאַקן אין די וואַגאָנען.

וואַגאָנען! וואַגאָנען! וואַגאָנען!

מען זאָל מיך נישט אַריינפּאַקן אין זיי, האָב איך אין געטאָ ריזיקירט מיט אַלע מיטלען. און כ'האָב באַשלאָסן אויך ווייטער צו ריזיקירן.

— מאַמעליו, זאָלסט גאָרנישט זאָרגן! — האָט מיין זון צו מיר גערעדט. ער האָט מיר געזאָגט, אַז אין וואַלד זענען אָנגעשטעלט יונגעלייט. זיי וועלן אַטאַקירן די וועכטער וואָס וועלן אונז פירן און מיר וועלן דאַן אַנטלויפן. די זאַך איז שוין אָרגאַניזירט זינט עטלעכע טעג. מען האָט אויך אָנגעגרייט זעגן מיט האַמערס מיט אַנדערע מכשירים אויפצוהאַקן די וואַגאָנען. אָבער מיין זון האָט מיר גאָרנישט געקאָנט איינרעדן. אַלע מיינע געדאַנקען זענען נאָר געווען וועגן אויסבאַהאַלטן זיך...

דער באַראַק איז שוין געווען אויסגעליידיקט פון מענטשן, ווען איך מיט מיינע קינדער זענען פון אים אַרויס מיט אונזערע לעצטע בעבעכעס.

אינדרויסן, אונטער אַ ברענענדיקער זון, איז געשטאַנען דער עולם. דער לאַגער־פירער האָט יעדן געטיילט אַ ברויט מיט אַ קעז. דער ריח פון קעז האָט צעמישט דעם קאָפּ. מיר האָט אָנגעהויבן אויספעלן אָטעם, ווי מען וואָלט מיר שוין פאַרצויגן אַ פעטליע אויפן האַלז.

מיין טאָכטער האָט מיך געוואָלט טרייסטן, האָט זי אַ זאָג געטון:

— מאַמעליו, וואָס ביסטו אַזוי אויפגערעגט? האָסט געמיינט מיר וועלן לעבן? מיר וועלן סיי ווי נישט לעבן!

פאַר די ווערטער האָט זי פון מיר אַריינגעכאַפּט אַ סאָרט פּאַטש, אַז אַלע מענטשן האָבן מיך שווייגנדיק אָנגעקוקט, אָבער זייערע בליקן האָבן מיך געשטראָפט...

שעה'ן האָט געדויערט דאָס שטיין אונטער דער ברענענ־דיקער זון, צום סוף האָט מען אַלעמען צוריקגעשיקט אין די באַראַקן. מען האָט אַלעמען געהייסן זיין גרייט. עס קאָן אויס־קומען צו פאָרן אויפדערנאַכט.

זענען אַלע צוריק אין די באַראַקן אריין און ווי נאָר ס'איז פינצטער געוואָרן האָט זיך ווידער געמאַכט אַ פּאַניק. די לאַגער סירענעס האָבן אַלאַרמירט און יונגעלייט האָבן זיך אַרויסגעלאָזט פון די באַראַקן איבערשניידן די לאַגער־דראָטן. (מען האָט שוין געוואוסט אַז די דראָטן זענען נישט עלעקטרי־זירט).

אין דער בהלה האָט אַ יינגל אַמעק, מיין זונס אַ קאָלעגע, מיך געפירט אויסצוגעפינען אַ באַהעלטעניש פאַר מיר מיט מיינע קינדער. איך בין געקראָכן אין אַ רער און אין אַנדערע באַהעלטענישן וואָס זענען מיר נישט געפעלן. צום סוף האָט אַמעק מיך אַריינגעפירט אין אַ שטיבל אָנגעשטעלט מיט קעס־לען. אין דעם שטיבל האָט אַמעק אויפגעהויבן אַ טיר פון דער פּאָדלאָגע. עס האָט אויסגעזען ווי אַראָפּצוגיין אין אַ קעלער.

אַמעק האָט אַ זאָג געטון:

— דורכדאַנען קומט מען אַראָפּ אין די קאַנאַלן.

אין צוויי טעג אַרום זענען מיר אַראָפּ אין די קאַנאַלן.

---

אַ נאַכט מיט אַ האַלבן טאָג איז געהאַט אַריבער ווי מיינע קינדער זענען מיט מיר געזעסן אין דער קאַנאַל פינצטערניש. פון אָנהויב האָט די קאַנאַל לופט געשטיקט, אָבער נאָכהער האָבן מיר זיך צוגעוואוינט און איך האָב מיינע קינדער כסדר געטרייסט, אַז אונזער זיצן אין קאַנאַל וועט לאַנג נישט דויערן. מיר וועלן אַוועק קיין ראַדאָם. מיר האָבן דאָרט אַ פּאַרטיקן בונקער.

דערווייל איז אָבער געווען חושך און זויער אין קאַנאַל. די צוויי שמאָלע קאַנאַל־רערן אויף וועלכע מיר זענען געזעסן,

זענען געווען אזוי נידעריק, אז אונזערע פיס האָבן געמוזט שטעקן אין וואסער. ס'איז אויך געווען קאַלט. די קינדער האָבן געציטערט. נאָר זיי האָבן גאָרנישט געזאָגט. אָבער וואָס האָבן זיי מיר געקאָנט זאָגן? כ'האָב זיי עפּעס געקענט העלפן?

מען האָט געהערט דאָס אַרומשפּרינגען פון זשאַבעס, שטשורעס האָבן כסדר אָנגערירט אונזערע פיס און איך האָב געטראַכט וואָס צו טון, אז מיר זאָלן נישט שטעקן מיט די פיס אין וואסער.

איך האָב אָפּגעוואַרט ביז אינדרויסן איז געוואָרן טונקל. דעמאָלט בין איך אַרויסגעקראָכן פונעם קאַנאַל. כ'בין אַוועק צו אַן אָרט אין וואַלד וואו עס זענען געלעגן קאַסטנס. איינעם האָב איך צוגעשלעפּט צו דער באַהעלטעניש און מיין זון האָט אים אַראָפּגענומען. נאָכהער האָב איך אים אַראָפּגעגעבן אַ צווייטן קאַסטן און אַ — דריטן. דעם אַנדערן אָוונט האָב איך שוין געהאַט אויספּלאַנירט ווי אַזוי מיר זאָלן אויך האָבן אַ ביסל ווייכער צום ליגן. איך בין אַרויס צום זעלבן אָרט פון די קאַסטנס און צונויפגעשלעפּט 25 פלאַנדעקענע זעק. דערנאָך האָב איך גענומען אַ לאַנגן שמאָלן קאַסטן מיט נאָך אַ קעסטל. ווען דאָס אַלץ איז שוין געווען אין קאַנאַל האָב איך אַלע קאַסטנס צונויפגעשטעלט און זיי אויסגעבעט מיט די 25 פלאַנדעקענע זעק.

ווען די קינדער האָבן זיך מיט מיר אַוועקגעלייגט אויף די אויסגעבעטע קאַסטנס, זענען מיר איינגעשלאָפן ווי אויף מאַטראַצן.

אויפגעוועקט האָט מיך דער הונגער, נאָר צו עסן האָב איך גאָרנישט געהאַט.

אין וואַלד האָב איך געהאַט באַהאַלטן אַ זעקעלע מיט צוויי ברויט, האָב איך געמוזט ריזיקירן און אַרויסגיין אויפזוכן דאָס ברויט.

ווען איך בין אַרויס האָט שוין אין וואַלד געשאַריעט אויף טאָג.

יעדער שאָרך פון בלעטער אויף די בוימער און יעדער שאָקל פון אַ צווייג, האָט מיך געשראָקן. נאָך יעדן טריט האָב איך זיך אַרומגעקוקט, צי עמיצער געפינט זיך אין וואַלד. ניין, כ'האָב נישט געזען קיינעם און צום באַהעלטעניש פונעם ברויט איז געווען אַ מהלך. ס'איז מיר געקומען אַ מחשבה כ'זאָל מיך אויסציען און קריכן אויפן גראָז. ווען כ'האָב זיך אויסגעצויגן האָב איך דערזען שיינע שוואָמען. אָבער צו וואָס האָב איך געברויכט שוואָמען? באַלד איז מיר אויך שווער געוואָרן דאָס קריכן אויף דער ערד. דערצו איז דאָס גראָז געווען נאָס, ווי אַלע גראָזן זענען נאָס פאַרטאָג.

כ'האָב זיך אויפגעהויבן. כ'האָב זיך ווידער אַרומגעקוקט, צי עמיצער גייט אין וואַלד. ניין, כ'האָב ווידער קיינעם נישט געזען און כ'האָב זיך אַ לאָז געטון מיט אַ שנעלקייט, אַז מיך גופא האָט געוואונדערט פונוואַנען די שנעלקייט נעמט זיך צו מיר.

נאָר דאָס שנעלע גיין האָט נישט לאַנג געדויערט. איך האָב ווידער אָנגעהויבן גיין פּאַמעלעך בעטנדיק צו גאָט ער זאָל מיך צופירן צום זעקעלע ברויט. מיינע קינדער האָבן נישט צו עסן. און בעטנדיק אַזוי האָב איך זיך אָפּגעשטעלט און גענומען זוכן. כ'האָב גוט אַריינגעקוקט צווישן די קשאַקעס. אָבער פון דעם זוכן אין די קשאַקעס זענען מיר די כוחות באַלד אויסגעגאַנגען. איך האָב שוין געקלערט וועגן צוריקגיין און אַלץ איבערלאָזן. נאָר אינדעם האָב איך ביי אַ קשאַק דערזען אַן איינגעבראָכענעם בוים.

אָט דעם איינגעבראָכענעם בוים, האָב איך מיר טאַקע געהאַט געמאַכט פאַר אַ סימן, ביים באַהאַלטן ס'זעקעלע ברויט.

פון אָט דעם סימן האָב איך שוין נישט געטאָרט אוועק.

אויפסניי האָב איך גענומען זוכן צווישן די קשאַקעס. כ'האָב דערזען אַ בערגל. טאַקע דאָס בערגל. אין אַ טיפן לאָך פון דעם בערגל איז געלעגן דאָס זעקעלע מיט מיין באַהאַלטענעם אוצר.

צוריקוועגס, איז שוין געווען ליכטיק אין וואַלד. איך בין

נאָך פאַרזיכטיקער געווען, צי עמיצער זעט מיך. ניין, קיי־נער האָט מיך נישט געזען. נאָר אַ פויגל האָט זיך צעשריגן, האָב איך געטון אַ צאַפּל. פון די גראָזן האָט זיך אויפגעכאַפּט אַ האָז, האָט דאָס באַשעפעניש מיך אַזוי איבערגעשראָקן, אַז כ׳בין געפאַלן אין חלשות. ווי לאַנג דאָס חלשות האָט געדויערט, ווייס איך נישט. איך ווייס נאָר, אַז ווען כ׳האָב געעפנט די אויגן און דערזען „ס׳זעקעלע ברויט" האָב איך מיך ערשט דערמאָנט פאַרוואָס איך געפין זיך אין וואַלד.

מיינע קינדער האָב איך געטראָפן שלאָפן. זאָלן זיי שלאָפן, וועלן זיי ווינציקער עסן, האָב איך געטראַכט. נאָר באַלד האָבן זיי זיך אויפגעוועקט. זיי האָבן זיך זייער דערפרייט מיטן ברויט. מיך האָט אָבער גאָרנישט געפרייט. איך האָב געטענהט:

— וואָס וועלן מיר טון, אויב מ׳וועט מוזן ליגן אַ צייט אין קאַנאַל? נישט מ׳קאָן אַרויסגיין, נישט מ׳קאָן עפּעס קויפן. וואָס וועלן מיר טון?

מיין זון האָט געזאָגט:

—מיר האָבן נאָך אפשר געקענט אַרבעטן. אַמעק מוז נאָך אויך אַרבעטן. אַנדערש וואָלט אַמעק זיך אויך אויסבאַ־האַלטן אין קאַנאַל.

איבער אונזער באַהעלטעניש האָט זיך געפונען אַ קאַנאַל־טירל. אָט דאָס טירל האָב איך אויף דער דרויסנדיקער זייט געהאַט מאַסקירט מיט גראָז. אפשר אַ פּאָר שעה נאָכדעם ווי איך האָב געברענגט דאָס זעקעלע ברויט פון וואַלד, האָט מען דערהערט טריט אויף דעם טירל. נאָכהער האָט עמיצער גערופן מיין זונס נאָמען. מיר האָבן דערקענט אַמעקס קול.

פון דעם יינגל אַמעק זענען מיר געוואויר געוואָרן, אַז דערווייל זענען נאָך אין לאַגער פאַרבליבן צוויי הונדערט מע־נער. אַלע אַרבעטן ביים צענעמען די מאַשינען פון דער געווער־פאַבריק.

— און האָסט אונז גאָרנישט געברענגט? — האָט מיין זון געפרעגט.

אַמעק האָט אַראָפּגעענטפערט:

— כ׳האָב אַוועקגעלייגט אַ ברויט אין אַ קעסל. גייט נעמט עס.

אַ מינוט שפּעטער איז דאָס ייִנגל אַוועק און מיינע קינדער האָבן זיך געפרייט, וואָס מיר וועלן האָבן נאָך אַ גאַנץ ברויט. נאָר מען האָט געדאַרפט אַרויס דערנאָך אין דעם זעלבן שטיבל, דורכוואַנען דער אַמעק האָט מיך מיט עטלעכע נעכט פריער אַראָפּגעפירט אין קאַנאַל אַריין.

צום ערשט איז אין דעם שטיבל געווען מיין זון. נאָכהער מיין טאָכטער. נאָכהער בין איך אַרויפגעקומען. עס האָט מיך אַרומגענומען אַ ליבע וואַרעמקייט.

אין אַ קעסל האָט מען געפונען דאָס ברויט. מיינע קינדער האָבן זיך נישט געאיילט צוריק אין קאַנאַל אַריין. זיי האָבן גאָרנישט געוואָלט פאַרלאָזן דאָס שטיבל.

— ווען מיר קענען דאָ בלייבן, — האָט מיין טאָכטער געזאָגט.

זי האָט זיך גאָרנישט געקאָנט אָפּוואונדערן פון דער שיינקייט וואָס מען האָט געזען דורך די פענצטער.

— ווי שיין איז דער וואַלד! — האָט זי אויסגערופן.

זי האָט אויך דערזען קשאַקעס מיט בערעלעך. און באַלד איז זי מיטן ברידער שוין געווען אינדרויסן. ביידע זענען שוין געלעגן צווישן די קשאַקעס, געריסן בערעלעך און געגעסן. מיר האָבן זיי אויך געבראַנגט אַ ביסל און געזאָגט:

— מאַמעליו, ווי גוט ס׳איז אינדרויסן!

גוט איז אָבער אויך געווען אין דעם שטיבל. אַ שטיבל מיט צוויי פענצטער. די זון האָט אַריינגעלויכטן. מיינע קינדער האָבן זיך אַוועקגעלייגט אויף דער גאָלער פּאָדלאָגע. פון דער גוטער לופט זענען זיי באַלד איינגעשלאָפן. איך בין געשטאַנען און אַרויסגעקוקט אויפן וואַלד. כ׳האָב געקלערט וועגן צונויפנעמען און אַרויפברענגען אַלע זעק צום אויסטרוקענען פון דער קאַנאַל פייכטקייט. אויך אונזער וועש אויפן

לייב איז געווען פייכט. מיטאמאָל האָב איך דערזען פאַרביי־לויפן אַ האָז, האָב איך דאָס חיהלע אויסטערליש מקנא געווען.

הלוואי וואָלט איך געקאָנט אַזוי אַרומלויפן אין וואַלד!

מיין טאָכטער האָט אַרויסגערעדט אומפאַרשטענדלעכע ווערטער פון שלאָף. ווען איך האָב זי אויפגעוועקט מיטן ברי־דער פון דער פאָדלאָגע, איז זיי אויפסניי געווען אַ שאָד צו פאַרלאָזן דאָס אויסגעוואַרעמטע שטיבל.

— ווען מיר קענען דאָ בלייבן, — האָט די שוועסטער ווידער געזאָגט צום ברידער. און ביידע זענען ווידער אַמאָל אַרוים אין וואַלד צו די קשאַקעס מיט בערעלעך.

שפּעטער זענען זיי מיט מיר געזעסן אין שטיבל אויף דער פאָדלאָגע. מיר האָבן געגעסן בערעלעך מיט ברויט. מיין זון האָט געטענהט, אַז מאָרגן וועט ער נאָך אַוועקגיין אין אַ גאָרטן פון גרינוואַרג. נישט ווייט איז פאַראַן אַזאַ גאָרטן.

— חלילה, — האָב איך אים געוואָרנט — קיין שום גאָרטן.

אינאָוונט זענען מיר צוריק געלעגן אויף די אויסגעבעטע קאַסטנס אין קאַנאַל. ווען מיינע קינדער זענען איינגעשלאָפן, האָב איך דערהערט ווי אַ שטשור גראַבלט ביי אונזער ברויט. איך האָב אויסגעשטרעקט אַ האַנט און אַ זאָג געטאָן צו דער שטשור:

„גיי אַוועק פון מיין ברויט. קאָנסט דיר שאַפן עסן. הלוואי וואָלט איך געווען אַ שטשור"...

נאָר די שטשור האָט נישט געפאָלגט. זי איז נאָכאַנאַנד געשפּרונגען און נאָכאַנאַנד געגראַבלט.

דערווייל האָבן זיך אויך די קינדער איבערגעוועקט. שטשו־רעס זענען געהאַט אַריבערגעלאָפן איבער זייערע קעפּ און דערפאַר האָבן זיי שוין מורא געהאַט איינצושלאָפן. דערצו האָבן זיי צוזאַמען מיט מיר געמוזט היטן דאָס ברויט און זיך אויסהיטן פון אַ ביס.

צו אַלעם דעם האָבן מיר נאָך געהאַט קאָנצערט פון די זשאַבעס אין וואַסער.

מיט די זשאַבעס איז אַ ביסל היימלעך געווען, אָבער וואָס האָבן מיר געקאָנט אויפטון קעגן די שטשורעס?

---

ווען אינדרויסן איז טאָג, אָדער נאַכט, זעען מיר דאָס דורך די שפּאַרעס פונעם מאַסקירטן קאַנאַל-טירל. דורך אַט די שפּאַרעס רעדט צו אונז טיילמאָל דאָס יינגל אַמעק. נעכטן האָט אַמעק געזאָגט, אַז ער וועט אַראָפּקומען זיך אויסבאַהאַלטן מיט נאָך חברים.

ווי אַזוי וועלן מיר מיט נאָך יונגעלייט ליגן אויף די קאַסטנס?

— קלער איך — מען מוז אויסגעפינען אַ באַזונדער אָרט פאַר אַמעקן מיט זיינע קאָלעגן.

און איך לאָז מיך אויסזוכן פאַר דער חברה אַ באַזונדער באַהעלטעניש אין קאַנאַל. ווען איך בין שוין גאַנץ ווייט פון די קאַסטנס, שטעל איך מיך אָפּ פאַרוואונדערט: אַ מענטש-לעך שעפּטשערייִ טראָגט זיך, ווי עס וואָלטן געזעסן באַהאַל-טענע מענטשן אין די ווענט. איך שטיי און הער זיך איין צו דער שעפּטשערייִ. צי הער איך טאַקע עפּעס, אָדער עס דאַכט זיך מיר נאָר?

יאָ, איך הער שוין דייטלעכע שטימען פון מענטשן. אָבער דורכוואַנען קען איך צוקומען צו זיי? אַז איך וועל רופן, וועלן זיי זיך דערשרעקן און געפינען זייער באַהעלטעניש איז מיר אוממעגלעך. אויף דעם אָרט וואו איך שטיי איז אַזוי פינצ-טער. איך טאַפּ אין דער פינצטערניש. איך זאָג:

— יידן, לאָזט מיך אַריין. האָט נישט מורא.

קיינער ענטפערט נישט. אויך די שעפּטשערייִ הערט זיך נישט מער. אַ פאָר מינוט איז שטיל. נאָכהער דערפיל איך עמיצנס נאָענטקייט. אַ מענער קול פרעגט פון חושך אַרויס:

— ווער איז?

איך ענטפער, אַז איך בין אויך אַן אויסבאַהאַלטענע. דאָס מענער קול רופט מיך. איך שטרעק אויס מיינע הענט און זאָג:

— כ׳זע נישט צו גיין.
— זענט איר אַ מאַן, אָדער אַ פֿרוי ?
— אַ פֿרוי.
— קומען זי נענטער.

איך שטעל נאָך עטלעכע טריט און דערזע מיך אין אַ — — — בונקער. אַ זייער גוטער בונקער. גוט דערמיט, ווייל ס׳איז פֿאַראַן גענוג אָרט זיך אַ קער צו טון. אינעם סופֿיט איז פֿאַראַן אַ לעכל, ווי אַן איי די גרויס. עס זעט זיך הימל. פֿון אַ וואַנט לויפֿט קלאָר וואַסער אין אַ טיפֿן גרוב אַראָפּ. כ׳דערזע אויך אַ געלעגער, וואָס איז בעסער פֿון מיינס אויף די קאַסטנס. אויף דעם געלעגער זיצט אַ פֿרוי. זי קוקט אויף מיר און רירט זיך נישט.

— קיינער וועט אייך דאָ נישט געפֿינען, — זאָג איך — אָבער איר רעדט צו הויך.

— דאָס איז מיין טענה, — רופֿט זיך אָן דער מאַן — מיין ווייב פֿאַרגעסט מ׳איז נישט אינדערהיים.

— איך מיט מיינע קינדער רעדן טיילמאָל מיט די הענט — זאָג איך — ווייל אין קאַנאַל גיט יעדעס וואָרט אַן עכאָ.

דער מאַן פֿרעגט, צי אַחוץ מיינע קינדער, זענען פֿאַראַן נאָך אויסבאַהאַלטענע אין קאַנאַל ? איך זאָג אים אַז ס׳וועלן נאָך צוקומען עטלעכע יונגעלייט. ער ענטפֿערט, אַז ס׳טויג נישט. מיר וועלן נאָך „פֿאַרשיט״ ווערן.

— ווי לאַנג זענט איר דאָ ? — פֿרעג איך.
— פֿיר וואָכן.
— מיר זענען איין וואָך און מיר האָבן נישט וואָס צום עסן. און איר זענט שוין דאָ פֿיר וואָכן ? פֿון וואָס לעבט איר ?
— מיר קאָכן יעדע נאַכט.

מיך וואונדערט און איך פֿרעג :
— ווי אַזוי קאָכט איר יעדע נאַכט ?
— מ׳קאָכט שוין, — רופֿט זיך אָן די פֿרוי — וואַסער איז דאָ, ברענט מען מיט פּולווער און מ׳קאָכט.

— און מיר האָבן נישט קאַ ריין וואַסער, — זאָג איך — וואַסער שעפּן מיר פון קאַנאַל, וואו די שטשורעס מיט זשאַבעס טאַנצן אַרום. דאָס וואַסער לאָזן מיר אָפּשטיין. נאָכהער טרינקען מיר עס.

און דער מאַן וויל מיט מיר מיטגיין. ער וויל זען דאָס אָרט, וואו איך מיט מיינע קינדער געפינען זיך. ווען ער איז מיט מיר ביי די קאַסטנס, פרעגט ער, צי כ'האָב עפּעס אָפּצוקאָכן?

— אויב זי וועלן האָבן עפּעס אָפּצוקאָכן, מעגן זי אַריינקומען צו אונז, — זאָגט ער.

איך גיי מיט אים צוריק צו זיין בונקער. ער פאַרשווינדט אין דער פינצטערניש. אַ ביסל שפּעטער בין איך ווידער ביי די קאַסטנס. מיינע קינדער שלאָפן נאָך אַלץ. זאָלן זיי שלאָפן. איך זיץ און טראַכט וועגן די שכנים וואָס איך האָב אַנטדעקט. אינדעם דערהער איך אַמעקס שטימע. ער רופט מיין נאָמען. איך ענטפער, אַז אויב ער וויל זיך אויסבאַהאַלטן זאָל ער בעסער אַראָפּקומען אין קאַנאַל אריין.

— איך וויל נאָך נישט, — ענטפערט אַמעק.

ער טענהט, אַז דעם לעצטן מעת לעת האָט זיך אין לאַגער פאַרבעסערט. דערווייל איז נישטאָ וואָס מורא צו האָבן. איך פרעג, צי מען קאָן קריגן עפּעס צו קויפן?

— יאָ, — ענטפערט אַמעק — זאָל אייער זלמן אַרויסקומען.

— אייער זלמן מעג אפילו אַרויסקומען צו מיטאָג. ווי לאַנג אונזערע אַרבעטן נאָך, איז נישטאָ וואָס מורא צו האָבן.

דערהערט אַמעקס רעדן כאַפּן זיך די קינדער אויף פון שלאָף. מיין זון איז שוין גרייט אַרויסצוגיין פון קאַנאַל. איך לאָז אים נישט אַרויס. דאָס יינגל אַמעק זאָגט:

— איך גאַראַנטיר. לאָזן זי אים אַרויסגיין.

צום סוף לאָז איך מיין זון אַרויס. — שעהן שפּעטער קריכט ער אַריין מיט פיר ברויט און דערציילט, אַז צוויי האָט

ער באַקומען צוזאַמען מיט אַלע אַרבעטער, און צוויי האָט ער איינגעהאַנדלט.

— כ׳גיי נאָכאַמאָל, — זאָגט מיין זון — מיר וועלן האָבן ברויט אין זאַפּאַס.

מיין טאָכטער און איך באַגלייטן אים צו אַ צווייטן אַרויס־גאַנג. ווען מיר קומען צוריק דערקען איך, אַז עמיצער האָט געזוכט אין אונזערע קאַסטנס. אַ גאַנץ ברויט איז שוין פאַר־שוואונדן.

— די שטשורעס האָבן אויפגעגעסן, — זאָגט מיין טאָכ־טער.

— ביסט אַ קינד, — ענטפער איך — שטשורעס פרעסן אַזוי שנעל אַ גאַנץ ברויט? שטשורעס קענען נאָר אויס־גריזשען.

עס גייט מיר שוין נישט אינעם ברויט, אָבער ווער האָט זיך דערויף דערבאַרעמט?

זיכער מיינע קאַנאַל־שכנים בלאַוואַט, דאָס לאָדזשער פאַר־פאָלק. נאָר ווען איך קום אַריין צו זיי, ענטפערן זיי מיר נישט. מאַכן זיך נישט הערן.

— איר הערט נישט? — פרעג איך נאָכאַמאָל — ווער איז געווען בא מיין ברויט?

— איך בין נישט געווען, — ענטפערט בלאַוואַט — און פון אַנדערע ווייס איך נישט.

— וואָס הייסט איר ווייסט נישט? ווער איז נאָך מיט אייך, וואָס איר ווייסט נישט?

בלאַוואַט ווייזט מיר אָן אין אַ ווינקל. איך קוק זיך איין און דערזע אַ יונגן מענטש. דער יונגערמאַן ליגט און מאַכט זיך שלאָפן.

— יונגערמאַן, — גיב איך אַ זאָג — איך ווייס איר שלאָפט נישט. ווי האָט איר ס׳ברויט?

— וואָסערע ברויט? — פרעגט דער יונגערמאַן.

— הייבט זיך נאָר אויף, וועל איך שוין געפינען.

די פרוי בלאוואט גיט מיר א שוועבעלע, וואס זי נעמט ארוים פונעם בוזעם.

— זי זעען ווי מ׳האלט די שוועבעלעך? — זאגט זי — אנדערש ווערן זיי נאס.

ביים ליכט פון שוועבעלע געפין איך א האלב ברויט. א האלב ברויט איז שוין אויפגעגעסן. בלאוואט נעמט זיך פאר־ענטפערן, אז ער ווייסט פון גארנישט.

— מענטשן שטעלן איין דאס לעבן, — טענה איך צום יונגענמאן — און איר קומט צום גרייטן?

— פיר וואכן אן ברויט, — פארטיידיקט די פרוי בלאוואט דעם יונגענמאן — זי ברויכן נישט זיין אין כעס.

— איך בין נישט אין כעס, — זאג איך און דערלאנג דער פרוי בלאוואט דאס אפגענומענע האלבע ברויט.

---

אין עטלעכע טעג ארום האט מען פון לאגער ארויסגעפירט דעם לעצטן טראנספארט יידן. דער פיאנקער לאגער האט מער נישט עקזיסטירט.

אין קאנאל האבן זיך באזעצט גרופן יונגעלייט און ביי טאג און ביינאכט האט זיך איבערן קאנאל געהערט זייער ארומגיין מיט זייער גערעדעריי. צומיינסט האט געטומלט משהלע ליב־האבער. ער איז פאר אלעמען געווארן א סכנה.

— צוליב אייך, משהלע, וועט נאך עפעס געשען, — האט מען אים געווארנט.

און איינמאל, ווען מען האט דעם משהלע אזוי געווארנט, האט מען דערהערט שטימען פון פאליאקן. די פאליאקן האבן זיך געהאט אוועקגעשטעלט ביים מאסקירטן קאנאל־טירל אי־בער אונז און האבן ארומגערעדט א קאמוניקאט פונעם קריג: „דער פראנט איז נאענט. די רוסן גייען"... נאך דעם זעלבן טאג האט זיך געמאכט א שטארקע באמבארדירונג. עס האט זיך געדאכט, אז די ווענט פון קאנאל פאלן איין און מיר וועלן אלע צוגעלייגט ווערן. ווען ס׳איז שטילער געווארן פון די

באמבעס, זענען אלע יונגעלייט ארומגעשטאנען ארום די קאסטנס אויף וועלכע איך מיט מיינע קינדער האבן געהאט אונזער געלעגער.

איינער פון די יונגעלייט האט א זאג געטון:

— ווען מיר וועלן באפרייט ווערן, וועלן מיר ארויס אין פעלד. מ'עט אנפאקן א זאק קארטאפל. מ'עט זיך אנעסן פאר אלע צייטן.

א צווייטער האט זיך אנגערופן:

— פארוואס וועלן מיר עפעס עסן בלויז קארטאפל? מיר וועלן עסן קארטאפל מיט קאשע.

א דריטער האט געזאגט:

— די רוסן וועלן קומען און מיר וועלן אלץ מיינען די דייטשן זענען נאך דא.

צומארגנס האט מען ווידער דערהערט דאס רעדן פון פא־ליאקן. איינער האט אפילו פרובירט אראפקריכן צו אונז, אבער ווי נאר דער „אראפקריכער" איז מיט א פוס אריין אין וואסער, אזוי איז ער שנעל צוריק ארויס.

— ס'איז דארט אזוי פינצטער! — האט מען דערהערט זיין קול — כ'האב מיך דערשראקן!

— מיר וועלן אהערקומען מיט ליכט! — האט געטענהט א צווייטער פאליאק — מען וועט שוין זען ווער ס'ליגט בא־האלטן!

נאר מיר האבן נישט געווארט ביז די פאליאקן וועלן ווי־דער קומען. באלד אינאווונט האבן מיר צונויפגעפאקט אונ־זערע שמאטעס. מען האט געדארפט צו־וויסן טון דעם פאר־פאלק בלאווואט אין בונקער. אבער ווען מיין זון איז אוועק צו זיי, האט ער שוין דארט קיינעם נישט געטראפן.

---

אונזער נייע באהעלטעניש האבן מיר געהאט אויף א בוי־דעם, נישט ווייט פון די אויסגעליידיקטע לאגער באראקן. ארום צוואנציק יונגעלייט האבן זיך געהאט באזעצט אויף

דעם בוידעם, וועלכער איז געווען דריי שטאָק הויך.

די לייטער אויף וועלכער מען איז אַרויף, די לייטער האָט מען יעדע נאַכט אַראָפּגעשטעלט און מען איז אַראָפּ זוכן שפּייז. טייל יונגעלייט פלעגן אַוועק אין אַ נאָענט דאָרף. אַנדערע פלעגן זיך אַוועקלאָזן אין די פעלדער, אין גערטנער און פלעגן ברענגען צושלעפּן וואָס ס'האָט זיך נאָר איינגעגעבן צו נעמען. אַזוי נאַכט נאָך נאַכט. איינמאָל האָבן צוויי יונגעלייט פון בוידעם אַנגעטראָפן אַ דייטשע זעלנער וואָך אויפן וועג.

— וואָלט יאָך געהאַט אַ פּאָר אמתע ייִנגלעך צו מיר, וואָלט יאָך מיט די יעקעס געלערנט אַ לעקציע, — האָט געטענהט דער וואַרשעווער מאַקס — וואָס האָב יאָך דען נאָך אָנצואווערן? אין טרעבלינקע בין יאָך געשטאַנען ביים אויוון. דאָרט האָט מען נאָר געשטעלט די שטאַרקסטע.

— איר זענט געווען אין טרעבלינקע?

— יאָך זאָג געווען, בין יאָך געווען! וואָס מיינט עץ?

— מאַקס, איך גלויב נישט, — האָב איך געזאָגט.

— זי קענען פרעגן, — האָט מאַקס אָנגעוויזן אויף עטלעכע יונגעלייט — אַלע וויסן כ'קום פון טרעבלינקע.

און מאַקס האָט אָנגעהויבן דערציילן ווי עס האָט אויסגעזען אין טרעבלינקע: ווי נאָר אַ טראַנספּאָרט איז דאָרט אָנגעקומען האָט מען באַלד אויסגעסאָרטירט: מאַמעס באַזונדער, קינדער באַזונדער און מענער באַזונדער. אויף אָנטועכץ זענען דאָרט געווען באַזונדערע אָפּטיילונגען. אַן אָפּטיילונג איז אויך געווען אויף גאָלד מיט בריליאַנטן — האָט מאַקס דערציילט — אָבער ווער האָט געקוקט אויף בריליאַנטן מיט גאָלד? יאָך האָב געשוידערט וואָס מען מאַכט מיט מענטשן, האָבן מיך אינטערעסירט בריליאַנטן? יאָך האָב געזען אַזוינע שיינע קינדער, האָב יאָך זיי געגעבן שפּילעכלעך.

— טאַקע געברענט? — האָט עמיצער געפרעגט.

— פרעגסט נאָך? — האָט מאַקס געענטפערט — קינדער פלעגט מען אויסטון און אַרויפיאָגן אויף אַ פּאָדלאָגע. ווי

נאָר די פּאָדלאָגע איז אַראָפּ, זענען אַלע אַרײַנגעפֿאַלן אין אויוון און ס׳פֿײַער האָט זיי אַרומגענומען. אַזוי איז געשען מיט קינדער. דערוואַקסענע האָט מען באַפֿוילן אַלץ אויסטון פֿון זיך, נאָכהער האָבן די שטאַרקסטע יונגען געמאַכט מיט זייערע הענט אַ „ראָד״ און אַרום, און אַרום איז געשטאַנען די „הימל קאָמאַנדע״ — יעקעס מיט בלײַענע ראַפּניקעס האָבן געהאַקט איבער די קעפּ קיינער זאָל פֿונעם „ראָד״ נישט אַרויס.

ווען מאַקס האָט מערנישט געוואָלט דערציילן האָט משה־לע געפֿרעגט ווי אַזוי ער האָט זיך געראַטעוועט פֿון טרעבלינקע?

— ווי אַזוי? יאָך האָב געהערט, אַז יעדע פֿיר וואָכן טוישט מען די חברה וואָס אַרבעט ביים אויוון. נו, האָב יאָך געזען ס׳וועט שוין באַלד קומען צו מײַנע ביינער. מען האָט אויך גערעדט, אַז זיי ווילן מאַכן צו פֿאַרגאַזעווען. אונז וועט מען אײַנגאַנצן נישט בראַכן. מ׳וועט אונז הייסט עס סאַ ווי דערלעדיקן.

— האָב יאָך אָנגעהויבן קלערן וועגן אַנטלויפֿן. נאָר ווי אַזוי אַנטלויפֿט מען? — קומט איינמאָל אַ טראַנספּאָרט און כ׳זע מ׳עט אָפּשיקן מלבושים אין די וואַגאָנען. האָב יאָך מיך צוגעריקט צום טראָגן. ווען די וואַגאָנען זענען שוין געווען האַלב אָנגעלאָדעוועט, האָב יאָך גענומען אַ קופּע אָנטועכץ און דערמיט אַרײַן אין אַ וואַגאָן. מ׳האָט אויף מיר געוואָרפֿן און געוואָרפֿן ביז די באַן האָט אָנגעהויבן פֿאָרן. ווי לאַנג דאָס פֿאָרן האָט געדויערט, — פֿרעגטס מעך בחרם. כ׳בין פֿאַר־פֿאָרן אין אַ לאַגער. אָפּגעריסענע, האַלב נאַקעטע יידן, האָבן מיך פֿון וואַגאָן אַרויסגעשלעפּט. די יידן האָבן מיר באַלד דער־ציילט ווי זיי ווערן געמאַטערט ביי דער אַרבעט, אַז ס׳איז קראַנקער דער טויט.

— ערגער ווי דאָ? — האָט משהלע געפֿרעגט — דאָרט איז נאָך ערגער געווען?

— האָסט עפּעס געטראָפֿן באַקאַנטע אין טרעבלינקע?

מאַקס האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און געזאָגט:

— מיין אייגענעם טאַטן... כ׳האָב אים געזען פירן אין אויוון אַריין... כ׳האָב אים גאָרנישט געקענט העלפן...

צומאָרגנס אויפדערנאַכט האָט מען נאָר פּאָר קליינעם געברויך אַראָפּגעלאָזט די לייטער, אָבער קיינער איז נישט אַוועק ווייט פונעם בוידעם.

דער עולם האָט געהאַט אַ ביסל מייערן מיט בוראַקעס, איז מען געלעגן און געגריזשעט, און פון ס׳ניי אויסגעהערט וואָס מאַקס דערציילט פון טרעבלינקע.

---

אויף דעם בוידעם פלעגן אַרויפקומען בחורים פון פאַרשיידענע וואַלד באַהעלטענישן, נאָר איינמאָל אינאָוונט, ווען מאַקס מיט זיינע קאָלעגן זענען געהאַט אַוועק אין פעלד, האָט זיך אויפן בוידעם באַוויזן אַ יונגער מענטש מיט אַ ביקס. דער פּחד איז געווען גרויס ביז דער יונג מיט דער ביקס האָט אויף ייִדיש אַרויסגערעדט:

— וואָס האָט עך מורא? כ׳בין אויך אַ ייִד.

— פונוואַנען האָט איר דאָ אַרויפגעטראָפן?

— איך וויים וועגן אַלצדינג אין דער געגנט. כ׳בין אויפגעוואַקסן אין דער געגנט, — האָט דער יונג געזאָגט — אויב עמיצער פון אייך וויל אין דאָרף אַרויס, קאָן איך דאָס דורכפירן פאַר געלט. איך האָב באַקאַנטע פּויערים וואָס באַהאַלטן אוים פאַר געלט.

שפּעטער האָט מען שוין געוואוסט, אַז זיין נאָמען איז ראַכמיל, אַז ער האַלט זיך אויף אין אַ דאָרף מיט נאָך צוויי יונגעלייט.

איך האָב געוואָלט וויסן ווער ס׳זענען די אַנדערע צוויי. ראַכמיל האָט מיר געזאָגט זייערע נעמען. איינעמס נאָמען איז מיר געווען באַקאַנט. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז יענער איז אַ קרוב פון מיינס אַ קוזינקע. איך האָב געבעטן ביי ראַכמילן ער זאָל יענעם אַהערשיקן.

— אויב זי ווילן אַרויס אין דאָרף, — האָט ראַכמיל געזאָגט — וועל איך אים אַהערשיקן.

נאָכהער האָט דער ראַכמיל זיך מיט מיר געשטעלט אין אַ זייט. ער האָט מיך אויסגעפרעגט פון וואָס מיר לעבן אויפן בוידעם? איך האָב אים דערציילט, אַז מיר לעבן פון דעם וואָס מען גנבעט אין פעלד.

ראַכמיל האָט געזאָגט:

— זאָל אייער זון מיטגיין מיט מיר. זאָל ער נעמען אַ זעקל. רובינשטיין וועט אייך שיקן קאַרטאָפל.

מיין זון איז מיטגעגאַנגען און טאַקע צוריקגעקומען מיט אַ זעקעלע קאַרטאָפל וואָס רובינשטיין, דער קרוב פון מיין קוזינקע, האָט מיטגעשיקט.

פון די קאַרטאָפל האָב איך יעדן אויפן בוידעם געגעבן אַ פּאָר. מאַקסן מיט זיינע קאָלעגן האָב איך אויך אינזינען געהאַט. אָבער וואָס האָט פאַר מאַקסן אויסגעמאַכט עטלעכע קאַרטאָפל? ווי אַ הונגעריקער לייב האָט דער יונג זיך אַרומגעדרייט איבערן בוידעם און איינמאָל אויפדערנאָכט האָט ער נישט אָפּגעלאָזט, אַז מיין זון זאָל מיט אים מיטגיין גנבענען מייערן מיט בוראַקעס פון אַ גאָרטן.

— לאָזט מיר דאָ ס׳יינגל — האָב איך געבעטן — עס קאָן עפּעס פּאַסירן.

אָבער ביי דעם מאַקסן איז גאָרנישט געווען צו פועלן. מיין זון האָט געקאָנט די וועגן צום גאָרטן, האָט אים שוין מאַקס דערפאַר נישט אָפּגעלאָזט. שפּעטער האָב איך זיי אָפּגעוואַרט ביי אַן אויסגעליידיקטן באַראַק. עס האָט מיך געוואָרפן פון פּחד. עס האָט מיר אויסגעזען, אַז מאַקס מיט משהלע מיט מיין זון, זענען שוין לאַנג אַוועק. זיי האָבן שוין באַדאַרפט זיין צוריק. ווער ווייסט צי מען האָט זיי נישט געכאַפּט? און ווי איך האָב אַזוי אַריינגעקלערט איז אָנגעלאָפן מיין זון, און מיר דערציילט, אַז ווען ער מיט מאַקס מיט משהלע זענען אַרויס פונעם גאָרטן מיט אָנגעפּאַקטע זעק, איז געוואָרן אַ שיסעריי.

דערנאָך, ווען מיר זענען אַרויף אין בוידעם אַריין, האָט משהלע ערשט פֿאָדראָבנע איבערדערציילט וועגן דער גאַנצער פּאַסירונג: ווי זיי זענען מיט אַנגעפּאַקטע זעק געשפּרונגען איבער ראָוועס, די ראָוועס זענען פֿול געווען מיט וואַסער. די שיסעריי האָט נישט אויפֿגעהערט. עס זאָל זיין לייכטער צו לויפֿן, האָבן זיי געמוזט אַרויסשיטן פֿון די זעק. משהלע האָט אַ זאָג געטון:

— פֿרוי פֿוקס, ווען נישט אייער זון, וואָלטן מיר געווען פֿאַרלוירענע.

— יאָך וואָלט געווען פֿאַרלוירן? — האָט מאַקס זיך אָנגערופֿן — בהכּות, יאָך בין אין טרעבלינקע נישט פֿאַרלוירן געוואָרן!

אָבער די פּאַסירונג מיט אַלע רעדערייען אַרום דער פּאַסירונג, איז פֿאַר מיר געווען אַ סימן, אַז דער בוידעם ווערט אויך געפֿערלעך, אַז איך מוז אויסגעפֿינען אַ אַנדער באַהעלטעניש. איך האָב ווידער אָנגעהויבן טראַכטן וועגן מיין איבערגעלאָזטן בונקער אין ראַדאָם. נאָר ווי אַזוי וועל איך מיט מיינע קינדער אַהינקומען? דער וועג איז געווען אַ ווייטער, דורך פֿעלדער און דערפֿער. איך האָב געמוזט האָבן עמיצן, וואָס זאָל אונדז פֿירן אין שטאָט אַריין.

ווי נאָר ראַכמיל איז געקומען מיט מיין קוזינקעס קרוב, דוד רובינשטיין, האָב איך מיט זיי איבערגערעדט. כ׳האָב זיי דערציילט וועגן מיין פּאַרטיקן בונקער אין ראַדאָם. ביידע יונגעלייט האָבן מסכּים געווען מיך אַרויסצופֿירן פֿון פּיאָנעק.



## VII

ווען משהלע ליבהאָבער איז געוואָויר געוואָרן, אַז איך פּלאַניר אַוועקצוגיין קיין ראַדאָם, איז ער צוגעשטאַנען, אַז ער וויל מיטגיין, אַז אין שטאָט האָט ער אַ סך געלט ביי אַ פּאָליאַק. ער האָט געטענהט:

— אויב זי וועלן מיך מיטנעמען, וועלן זי האָבן אַזויפיל עסן, אַז זי האָבן נאָך אין לעבן נישט געהאַט אַזויפיל.

— זי וועלן בײַ מיר עסן איבערן קאָפּ. נישט פּראָסט עסן. פאַר דער קריג האָבן זי נישט געהאַט אַזאַ עסן.

איך האָב אים געבעטן ער זאָל מיר נישט צעטומלען מיין מוח, ווייל איך אַליין גיי נאָך נישט. די גאַנצע זאַך איז געוועגדט אין ראַכמיל מיט דוד רובינשטיין. אָן זיי, קאָן איך אפילו נישט טראַכטן וועגן אַוועקגיין אין שטאָט אַריין. משהלע האָט געטענהט ס׳זייניקע:

— פרוי פוקס, כ׳האָב אַ גרויס פאַרמעגן בײַ דעם פּאָליאַק. זי וועלן זען. זי וועלן בײַ מיר עסן איבערן קאָפּ.

און איינמאָל ווען משהלע האָט אַזוי אין מיר אַריינגערעדט, איז געוואָרן אַ שטילע בהלה אין בוידעם. יונגעלייט האָבן זיך געהאַט אויסגעלייגט ביי די בוידעם שפּאַרעס. ווען איך האָב אַ קוק געטאָן דורך אַ שפּאַרע, האָב איך דערזען ווי עטלעכע פּאָליאַקן מיט צוויי יעקעס פירן אַ גרופּע יידן. צווישן דער גרופּע האָב איך דערקענט דאָס לאָדזשער פאָר־פאָלק בלאַוואַט, וואָס זענען געווען אויסבאַהאַלטן אין קאַנאַל־בונקער. אויפֿ־דערנאַכט האָט זיך פאַרשפּרייט די נייעס, אַז מען האָט געכאַפּט דרייסיק מאַן, וועלכע האָבן זיך געלאָזט אַרויסנאַרן פון פאַר־שידענע באַהעלטענישן אין פּיאָנקער וואַלד. „מאַקס איז אויך נישטאָ. מאַקס איז אַוודאי אַריינגעפאַלן צווישן די דרייסיק... אַזאַ העלדישער יונג״. — האָט יעדער באַדויערט. צומאָרגנס איז ווידער געוואָרן אַ פּאַניק, אַז דייטשן מיט פּאָליאַקן זוכן אונז. דערפון האָט אַלעמען אַרומגעכאַפּט אַזאַ ציטערניש, אַז

דאָס האָט זיך געהערט פון יעדן באַזונדער. עמיצער האָט גע־האָט אַ טלית האָט ער אים אָנגעטון און געזאָגט ווידוי. מיין טאָכטער האָט זיך אין מיר געטוליעט און געצאַפּלט, אָבער וואָס האָב איך איר געקענט העלפן? פּונקט האָב איך געהאַלטן עטלעכע דרימען פּאָדים, האָב איך דאָס גענומען אַרויפוויקלען אויף אַ שפּענדל. פאַרוואָס איך האָב אַזוי געטון, ווייס איך נישט ביזן היינטיקן טאָג.

— פרוי פוקס, — האָט משהלע ליבהאָבער זיך צוגע־שאַרט צו מיר — ווי איז אינם גאָט? האַ? זי זענען דאָך זיכער געווען זי' וועלן איבערלעבן? מ'וועט אונז באַלד אַראָפּ־נעמען...

משהלעס ווערטער זענען געווען שטילער פון גראָז און שטילערהייט האָט דער עולם געמאַכט פּלענער: אויב „זיי" וועלן אונטן שטעלן אַ לייטער צו דער „זייט" בוידעם, וועט מען אונזער לייטער אַראָפּלאָזן אויף דער אַנדערער „זייט". דער מאַן אין טלית האָט אַלץ נאָכאַנאַנד געזאָגט ווידוי. איך האָב נאָכאַנאַנד אַרויפגעוויקלט דעם פּאָדים אויפן שפּענדל און משהלע האָט נאָכאַנאַנד שטיל געפּליסטערט צו מיר:

— ווי איז אינם גאָט? מ'וועט אונז באַלד אַראָפּנעמען.

— עס קאָן נאָך געשען אַ נס.

— סאַראַ נס?

דער נס איז געווען אַ דונער מיט נאָך דונערן. מיר האָבן געמיינט עס דונערט פון באָמבעס, נאָר עס האָט זיך אַראָפּגע־לאָזט אַ שלאַקס רעגן. דער עולם האָט זיך דערפרייט, וואָרים דורך די בוידעם שפּאַרעס האָט מען דערזען ווי די דייטשן מיט די פּאָליאַקן פאָרן אָפּ אויף ראָווערן באַגלייט פון דונערן מיט בליצן.

— זי האָט דאָך נביאות געזאָגט, די פרוי פוקס! — האָט משהלע אויסגערופן — די גאַנצע צייט האָט זי אַרומגעוויקלט דאָס שפּענדל מיט פּאָדים. זי האָט זיך גאַרנישט געשראָקן.

ווי נאָר ס'איז צוגעפאַלן די נאַכט זענען אַלע אַראָפּ פונעם

בוידעם. מען איז זיך צעלאָפן אין פאַרשידענע וואַלד נאָרעס.

אַזאַ וואַלד נאָרע האָבן אויך געהאַט צוויי קאָלעגן פון מיין זון. איינער פון זיי, אַ יינגל מנשה, האָט אונז געפירט צו דער נאָרע.

דאָס לאָך אַריינצוקריכן אין דער נאָרע, איז געווען מאַס־קירט מיט אַ ברעט. מנשה האָט אַוועקגענומען דאָס ברעט. נאָכהער האָט ער זיך אַראָפּגעלאָזט און געזאָגט: — „גיבן זי אינם פּעקל". — איך האָב עס אים אַראָפּגעגעבן און ער איז דערמיט פאַרשוווּנדן. נאָכדעם איז ער צוריקגעקומען און גע־רופן: — „קריכט אַראָפּ". — מיין טאָכטער איז אַראָפּ און אויסגעשריגן: — כ'בין אַריין אין וואַסער!" — ווען איך מיט מיין זון זענען שוין געשטאַנען אין דער נאָרע, האָב איך אָנ־געצונדן אַ שוועבעלע. מנשה האָט אָנגעוויזן אויף אַ ברעט אין דער וואַנט וואָס האָט געהאַט דעם קאָליר פון ערד. ער האָט אַרויסגענומען דאָס ברעט און מיר זענען אַריינגעקראָכן אין אַ צווייטער נאָרע.

כ'האָב ווידער אָנגעצונדן אַ שוועבעלע. מנשה האָט אָנגע־וויזן אויף אַ פּאָר קעסטלעך.

— מיין געלעגער, — האָט מנשה געזאָגט.

אין דער נאָרע איז נישט געווען וואו זיך אַ קער צו טון. ווען דאָס שוועבעלע האָט אויסגעברענט האָב איך אין דער פינצטער אויסגעשפּרייט אַ דעקע צום שלאָפן. שפּעטער האָבן זיך אַריינגעפּאַקט נאָך יונגעלייט. אין דער נאָרע איז געוואָרן נאָך ענגער און שטיקנדיקער. מיין זון האָט זיך געקלאָגט, אַז ער קאָן נישט אָטעמען. דאָס זעלבע האָט אויך משהלע גע־טענהט.

— שוין בעסער אין קאַנאַל, — האָט מען גערעדט און באַלד זענען עטלעכע יונגעלייט אַוועק איבערנעכטיקן אין קאַנאַל.

---

עטלעכע נעכט שפּעטער איז ראַכמיל געקומען פון דאָרף.

איך האָב זיך דערפרייט, אָבער ראַכמיל האָט מיר באַלד צו־וויסן געטון, אַז נישט ער און נישט דוד רובינשטיין, קאָנען מיך פירן קיין ראַדאָם. דערווייל איז דאָס אוממעגלעך. אויב איך וויל, זאָל מיין טאָכטער נאָכעלע מיטגיין מיט אים אין דאָרף אריין. רובינשטיין וועט זי דאָרט אריינגעבן אויף אַרבעט צו אַ פויער.

איך האָב אים אָנגעקוקט. ראַכמיל האָט געזאָגט:

— ביים פויער וועט זי האָבן אַזויפיל עסן, אַז זי וועט נאָך אַהערברענגען.

מיין טאָכטער האָט אויסגעזען ווי זי וואָלט שוין געהאַט טובערקולאָז. עס וואָלט געווען זייער גוט זי זאָל אַרויס אין דאָרף. אָבער ווי האָב איך זי געקענט אַוועקלאָזן? די גאַנצע צייט האָב איך אַלץ ריזיקירט מיר זאָלן זיין צוזאַמען, זאָל איך זי ערשט אַוועקשיקן?

— וואָס האָבן זי מורא? — האָט ראַכמיל געפרעגט — אינם טאָכטער וועט גאַרנישט געשען. איך גאַראַנטיר.

— פאַרפאַלן, — האָב איך געזאָגט — אויב זי וועט דאָרט זיין אויף דער לופט, זאָל זי גיין.

אָבער ווי נאָר מיין טאָכטער איז מיט דעם ראַכמילן אַוועק, האָב איך אָנגעהויבן נאָכטראַכטן און אַ גרויסע חרטה האָט מיך נישט אָפּגעלאָזט. פאַרוואָס האָב איך זי מיטגעשיקט? פאַר־וואָס האָב איך געהאָרכט דעם יונג? אפשר וועט ער מיין טאָכטער שלעכטס טון? די מחשבות האָבן מיך געמאַטערט אַ גאַנצן מעת־לעת, און פונקט צו ענדע דעם מעת־לעת, איז מיין טאָכטער צוריקגעקומען אין דער באַהעלטעניש אריין.

איך בין געווען צופרידן וואָס זי איז צוריק מיט מיר. אָבער ווען כ'האָב געוואָלט וויסן פאַרוואָס זי איז צוריקגע־קומען, האָט זי גענומען דערציילן, אַז ווען ראַכמיל האָט זי אריינגעפירט אין דאָרף אריין, האָט ער זי אַרויפגעזעצט אויף אַ בוידעם, האָט איר געגעבן ברויט מיט קעז און נאָכהער האָט ער זי אַרומגענומען...

נאָכן דערציילן האָט מיין טאָכטער געבעטן איך זאָל גאָר־נישט רעדן פאַר קיינעם. איך האָב גאָרנישט גערעדט. איך האָב נאָר געטראַכט וועגן אַוועקגיין קיין ראַדאָם, וואָרים ביי דעם יינגל מנשה אין דער נאָרע, איז געווען ערגער ווי געשטאָרבן. איך פלעג מקנא זיין אַלע טויטע מיט אַלע דערשאָסענע. איך האָב שוין געצווייפלט, צי כ׳וועל מיט מיינע קינדער אַרויס לעבעדיק פון דעם קבר. בעת מיר זענען געלעגן אויפן בוידעם האָבן מיר כאָטש געהאַט לופט און דורך אַ שפּאַרע האָט מען בייטאָג אַרויסגעבליקט אויף דער פאַרבאָטענער וועלט.

— און רובינשטיינען האָסטו גאָרנישט געזען? — האָב איך געפרעגט מיין טאָכטער.

—ניין, — האָט זי געענטפערט.

אַ פּאָר וואָכן דערנאָך איז רובינשטיין געקומען. ער האָט מיר געברענגט אַ קליין זעקעלע מעל. איך האָב אים געבעטן ער זאָל מיך אַוועקפירן קיין ראַדאָם.

רובינשטיין האָט אויסגעהערט מיין בקשה און מיר דערקלערט, אַז ער האָט אַ באַקאַנטן פויער. דער פויער איז אַן אַ ווייב. אויב מיין טאָכטער וועט קענען פירן די ווירטשאַפט ביי דעם פויער, וועט זי האָבן זייער גוט.

— וואָס זאָגן זי? — האָט רובינשטיין געפרעגט.

כאָטש איך האָב זיך שוין געהאַט אָפּגעבריט פון ראַכמילן, האָב איך מיט רובינשטיינען געמוזט האַנדלען פּאַרזיכטיק. איך האָב געדאַרפט זיין טובה. אים האָב איך געמוזט אַרויסווייזן צוטרוי, אַנדערש וואָלט ער מיר געזאָגט „אַ גוטע נאַכט" און זיך אפשר מערנישט געוויזן. און נאָך האָב איך געקלערט: אויב מיין טאָכטער האָט זיך מיט ראַכמילן אַן עצה געגעבן, וועט זי זיך אַ צווייט מאָל אויך פּאַרטיידיקן...

זי האָט אָבער נישט געוואָלט הערן וועגן אַ צווייט מאָל אַוועקגיין אין דאָרף אַריין. איך האָב ווידער געפרעגט ביי רובינשטיינען ווען וועט ער אונז פירן קיין ראַדאָם?

— אפשר אין צוויי וואָכן אַרום — האָט ער געענטפערט. ער האָט מיר אַלץ געעצהט, אַז דערווייל זאָל איך מיטשיקן די טאָכטער. אויב ס׳וועט איר נישט·געפעלן ביי דעם פויער וועט זי באַלד צוריקקומען.

— אַ מיידל אַליין מיט אַ פויער, — האָב איך געזאָגט. רובינשטיין האָט צו מיר געטענהט, אַז ער „גאַראַנטירט” און איך האָב מיר געקלערט: — „וויי און ווינד צו אַלע גאַראַנטיעס”.

— כ׳האָב אפילו נאָך אַן אָרט ביי אַ פאַמיליע — האָט רובינשטיין ווייטער געטענהט — אָבער ביי דעם אַלטן פויער וועט זי האָבן בעסער. זי וועט זיין די גאַנצע באַלעבאָסטע.

מיין טאָכטער האָט זיך אָנגערופן:

— יאָך וויל נישט זאַן קאַ באַלעבאָסטע און יאָך גיי נישט צו קיינעם!

— ס׳איז נאָר אויף צוויי וואָכן, — האָב איך צו איר גע־רעדט — נאָכהער וועט אונז רובינשטיין אַוועקפירן קיין ראַ־דאָם.

כ׳האָב לאַנג אַריינגערעדט אין איר ביז זי האָט איינ־געזען, אַז איך האָב רעכט. זי מוז נאָכאַמאָל ריזיקירן.

כ׳האָב זי אַרויסבאַגלייט אַ שטיקל וועג דורכן וואַלד. ווען כ׳בין צוריק אַריין צו מנשה אין דער נאָרע, האָט געפעלט דאָס „זעקעלע מעל” וואָס רובינשטיין האָט מיר געבראַכט. ווער האָט זיך איבער דעם זעקעלע מעל דערבאַרעמט?

אין דער נאָרע זענען געווען דריי יונגעלייט, זענען זיי געזעסן און געשוויגן און זיך געמאַכט נישט וויסנדיק.

— איר ווייסט גאָרנישט? — האָב איך געפרעגט — ס׳זעקעלע מעל האָט געהאַט פיס?

— צו אַלעם דאַרפט מען מזל, — האָט זיך אָנגערופן דאָס יינגל מנשה — ווען פרוי פוקס איז געלעגן אויפן בוידעם, האָט זי גאָרנישט גערעדט מ׳האָט פון איר געגנבעט. דאָ טומלט זי וועגן אַ ביסל מעל.

---

אין צוויי וואָכן אַרום, ווען איך בין פּונקט געשטאַנען אין אַ אויסגעליידיקטן באַראַק און עפּעס געקאָכט, איז ראַכמיל מיט רובינשטיין געקומען פֿון דאָרף און מיר געבראַכט אַ ברויט.

— דאָס האָט אייער טאָכטער געשיקט.

און רובינשטיין מיט ראַכמיל האָבן געפֿרעגט צי איך וויל אַוועקגיין קיין ראַדאָם? ווי נאָר זיי וועלן עפּעס פֿאַר־האַנדלען וועלן זיי מיט מיר אַוועקגיין. איך זאָל מיך צוגרייטן. איך בין אַראָפּ אין דער נאָרע נאָך מיינע זאַכן. מיין זונס מענאַשקע איז נישט געווען בנמצא. איך האָב דורכגעזוכט אין דער גאַנצער נאָרע, אָבער — אומזיסט. „זאָל זיין אָן מע־נאַשקע” — האָט מיין זון געזאָגט.

— זי נעמען מיך מיט? — איז צו מיר צוגעשטאַנען משה־לע ליבהאָבער — ווי נאָר זי וועלן מיט מיר אַריינקומען אין שטאָט, וועלן מיר עסן פֿאַר אַלע צייטן.

פֿאַרוואָס זאָל משהלע נישט מיטגיין? ס'איז אָבער נישט בלויז געווענדט אין מיר. רובינשטיין מיט ראַכמיל דאַרפֿן עס אויך וועלן. ווען זיי זענען צוריקגעקומען פֿון זייער מסחר האָט משהלע אָנגעהויבן זיך איינבעטן ביי זיי.

ער האָט געזאָגט:

— דאָ בין איך אָרעם. אין שטאָט וועל איך באַלד זיין רייך. כ'האָב אַ סך געלט ביי אַ פּאָליאַק.

— אַז פּרוי פּוקס באַשטייט, וועסטו מיטגיין, — האָט ראַכמיל געענטפֿערט — נאָר אויפֿן וועג מוזטו זיך האַלטן שטיל.

משהלע האָט פֿאַרזיכערט ער וועט זיך האַלטן שטיל. מען זאָל וועגן דעם נישט זאָרגן, אָבער אַ זאָרג איז געוואָרן דער־מיט וואָס איך בין געווען באָרוויס. אויפֿן בוידעם, אָדער ביי מנשה אין דער נאָרע, בין איך דורכגעקומען אָן שיך. אין וועג אַריין, האָב איך געמוזט עפּעס האָבן אויף די פֿיס. ווי אַזוי לאָזט מען זיך באָרוויס אין שטאָט אַריין? ניין, באָרוויסער־הייט האָב איך נישט געטאָרט זיך אַרויסרירן. מיין זון איז

אוועק אַרומזוכן אין די פּוסטע באַראַקן. עס האָט לאַנג נישט געדויערט, איז ער אַראָפּגעקומען אין דער נאָרע מיט אַ פּאָר הילצערנע קלאַפּערס, וואָס זענען געווען זייער גרויס אויף מיינע פּיס.

איך האָב געזאָגט צו מיין זון:

— טו אָן די קלאַפּערס און גיב מיר דיינע שיך.

אָבער מיין זונס שיך האָבן בלויז געהאַט דעם אויסזען פון שיך. זיי זענען געווען אין אַ מעמד פון צעפאַלן. די אויס־געריבענע זוילן זענען געווען ווי שפּינוועב, דאָך בין איך מיט זיי געווען צופרידן.

ווען מיר זענען אַרויס פון דער נאָרע אין דער וואַלד פּינצ־טערניש, האָט מיין זון מיך געהאַלטן ביי אַ האַנט און איך האָב געבעטן צום רבונו של עולם, עס זאָל אונז נישט געשען קיין שלעכטס. „גאָט, — האָב איך געבעטן — זאָלסט אונז אויס־היטן, ווי דו האָסט אויסגעהיטן יוסף הצדיק פון די שלאַנגען אין גרוב. שיק אונז גוטע מלאכים וואָס זאָלן אונז ריין מאַכן דעם וועג". — נאָר אַ צווייג אין וואַלד האָט מיך אָנגערירט, בין איך פאַרצאַפּלט געוואָרן און איך האָב ווידער געבעטן: — „גאָט, פיר מיך אין אַ מזלדיקער שעה. מיין הונגער זאָל מיר שוין נישט זיין אַזוי גרויס... העלף מיר רבונו של עולם".

ס'איז נאָך געווען ווייט פון טאָגן, האָבן מיר זיך דערנענ־טערט צו אַ דאָרף. ביי דער ערשטער כאַטע פון דעם דאָרף איז אַרויס אַ הונט מיט אַ בילעריי.

— שרעקט זעך נישט — האָט ראַכמיל געזאָגט — ס'איז מיין פויערס הונט.

באַלד איז דער פויער אַרויסגעקומען פון דער כאַטע. ראַכ־מיל האָט אָנגעהויבן רעדן מיט אים און רובינשטיין האָט אונז דערווייל אַריינגעפירט אין אַ שטאַל, וואו ס'זענען גע־שטאַנען צוויי פערד, און ס'איז געווען וואַרעם. אין עטלעכע מינוט אַרום האָט רובינשטיין אַריינגעטראָגן אַ לייטער. די לייטער האָט ער צוגעשטעלט צום בוידעם און געזאָגט:

— גייט אַרויף. ליגט שטיל.

דער בוידעם איז געווען אָנגעפּאַקט מיט שטרוי. מיר האָבן זיך דערין איינגעגראָבן און נישט אויסגערעדט קיין וואָרט.

משהלע מיט מיין זון זענען שנעל איינגעשלאָפן. איך האָב נישט געקענט שלאָפן. איך האָב אָפּגעוואַרט עס זאָל טאָגן, ווייל אין דעם דאָרף האָט זיך געפונען מיין טאָכטער.

ווען עס האָט אָנגעהויבן טאָגן, איז אַרויפגעקומען אַן אַל־טער פויער. ער האָט געטראָגן אַ טאָפּ. ער האָט אַ זאָג גע־טאָן:

— ווער ס'איז הונגעריק — זאָל עסן.

אַז מיין זון מיט משהלע האָבן דערהערט „עסן" — האָבן זיי זיך אויפגעכאַפּט, זענען צו צום טאָפּ און ווען דער טאָפּ איז פון זיי געוואָרן אויסגעליידיקט, איז אַרויפגעקומען ראַכ־מיל, אַז מיר זאָלן אַריבערגיין אויף אַ צווייטן בוידעם.

אויפן אַנדערן בוידעם איז שוין נישט געלעגן קיין שטרוי, דערפאַר זענען די בוידעם ווענט געווען מיט ברייטע שפּאַרעס. מען האָט געקאָנט זען דאָס גאַנצע דאָרף.

צוויי יידישע מענער וואָס זענען אויך געווען אויסבאַ־האַלטן אויף דעם בוידעם האָבן ביי מיר געפרעגט, צי איך האָב עפּעס צו פאַרקויפן? איך האָב זיי פאַרגעשלאָגן אַ זאַק. זיי האָבן באַקוקט דעם זאַק. נאָכהער האָבן זיי אָנגעהויבן באַ־קוקן מיין זונס פּאַלטן. דעם פּאַלטן האָבן זיי אויך געוואָלט קויפן.

— ניין — האָב איך געזאָגט — אינדרויסן שטעלט זיך ווינטער. מיין זון טאָר נישט בלייבן אָן אַ מאַנטל. מיין זון האָט געהאַט איין מאַרינאַרקע האָט מען זי צוגעגנבעט אין פּיאָנעק.

— סאַראַ מאַרינאַרקע? — האָבן די מענער נאָכגעפרעגט.

מיין זון האָט זיי געוויזן די הויזן און די מענער האָבן דערציילט, אַז אַזאַ זעלבע קאָליר מאַרינאַרקע, האָבן זיי אָפּ־געקויפט ביי מנשה.

בעת די מענער האָבן זיך מיט אונז אויסגעטענהט, איז אַרויפגעקומען דער באַלעבאָס. אויך ער האָט געטראָגן אַ גרויסן אייזערנעם טאָפּ. ער האָט אַ זאָג געטאָן:

— דאָס איז פאַר די דריי.

דער פויער האָט זיך צו אונז דערנענטערט און געפרעגט:

— וואוהין גייט איר דאָס?

— מיר גייען קיין ראַדאָם.

— איר זאָלט נישט גיין — האָט דער פויער געוואָרנט — ראַדאָם איז אַ שטאָט, פיל מיט זשאַנדאַרמעריע.

דער פויער האָט אונז געעצהט, אַז מיר זאָלן ביי אים איבערבלייבן, אַז ביי אים זענען נאָך יידן אויסבאַהאַלטן. אונז וועט ער אויך נישט אַרויסטרייבן.

— מיר האָבן נישט קיין געלט, — האָב איך זיך אָנגערופן — אויב מען וועט ביי דיר עסן, דאַרפט מען באַצאָלן.

— וועמען באַצאָלן? וואָס רעדט איר וועגן באַצאָלן? איך וויל אייך דאָס לעבן ראַטעווען.

די צוויי מענער וואָס האָבן געוואָלט אָפּקויפן מיין זונס פאַלטן, האָבן מיך נישט געלאָזט מער רעדן און דעם פויער אַראָפּגעפירט פון בוידעם. נאָכהער האָבן די מענער געטענהט, אַז איך האָב נישט קיין רעכט צו רעדן מיט זייער פויער.

— אייער פויער? — האָב איך געפרעגט.

— ס׳איז אונזער פויער. עץ זאָלט נישט מער רעדן צו אים.

די מענער האָבן געהאַט זייער ווינקל אויפן בוידעם, האָבן זיי זיך אין דעם ווינקל אָפּגעזונדערט אויף עטלעכע מינוט. נאָכדעם איז איינער צוגעקומען צו מיר. אָנווייזנדיק אויף משהלע, האָט ער אַ זאָג געטאָן:

— מיט עים, ווילט עץ אַריינגיין אין שטאָט? טאָמער קוקט ווער אָן זיין פיזיאָנאָמיע, זענט עץ פאַרלוירענע.

— און אינם זון מיטן פאַלטן? — האָט ער געפרעגט — ווער טראָגט אין שטאָט אַזאַ לאַנגן פאַלטן? דער פאַלטן וועט

אייך פֿאַרשיטן.

אין אַ פּאָר מינוט אַרום בין איך שוין געזעסן ביי אַ שפּאַ-רע פֿון בוידעם און געקירצט דעם פֿאַלטן.

שפּעטער האָב איך געבעטן ביי רובינשטיינען ער זאָל אַרויפֿרופֿן מיין טאָכטער. כ'וויל זי אָנקוקן און רעדן מיט איר. „דערווייל קאָן מען נישט, — האָט רובינשטיין דערקלערט — אפֿשר פֿאַרנאַכט".

ווען ס'איז געוואָרן טונקל אינדרויסן, איז מיין טאָכטער געקומען. כ'האָב זי אויסגעפֿרעגט און זי האָט מיר געזאָגט, אַז זי איז צופֿרידן מיט דער אַרבעט ביים פּויער.

פֿון דער דאָרפֿישער לופֿט האָט זי זיך געהאַט פֿאַרבעסערט אויפֿן פּנים און וועגן איר מיטגיין אין שטאָט אַריין, האָבן מיר געהאַט אַ גאַנצע באַראַטונג. צום סוף האָט מיין טאָכטער גע-וואָלט, אַז איך זאָל מיט איר איבערבלייבן אין דאָרף.

— ניין טאָכטער, איך האָב אַ בונקער אין ראַדאָם. כ'וויל נישט זיין באַ קיינעם. כ'וויל שוין זיין אין מיין אייגענעם גריב. — האָב איך געטענהט.

צומאָרגנס באַגינען, נאָך אַ גאַנצער נאַכט גיין דורך פֿעלד און וואַלד, האָבן מיר זיך דערנענטערט צו אַ צווייט דאָרף.

נישט ווייט פֿון דעם דאָרף, האָבן מיר אָנגעטראָפֿן אויף צוויי דערמאָרדעטע יידן אין פֿעלד. מיר זענען פֿאַרבייגעגאַנגען די מתים. מינוטן שפּעטער זענען מיר אַריין אין אַ גרויסן דאָרפֿישן הויף, וועלכער איז פֿול געווען מיט קאָזעס, חזירים און קי. דער אייגנטימער פֿון דעם אַלעם איז געווען אַן אַלטער פּויער. מיט דעם פּויער האָט רובינשטיין זיך היימיש אויס-געטענהט ווי מיט עפּעס אַ קרוב. נאָכהער האָט רובינשטיין אונז אַרויפֿגעפֿירט אויף אַ בוידעם אויסגעבעט מיט היי.

מיד פֿון אַ גאַנצער נאַכט אין וועג, זענען מיר אין דעם היי איינגעשלאָפֿן.

אויפֿגעוועקט האָט אונז אַ פּויערטע, וועלכע האָט אונז אָנגעוויזן אויף אַ שיסל מיט געקעכטס.

ווען דאָס געקעכטס איז שוין געווען איינגעשלינגען, האָט זיך אויפן בוידעם באַוויזן אַ צווייטע פּויערטע מיט אַ דיניצע.

— דאָס פריערדיקע האָט איר שוין אויפגעגעסן? — האָט זי געפרעגט — אפשר האָט איר געהאַט ווינציק?

— ניין, — האָב איך געענטפערט — מיר האָבן געהאַט גענוג. מיר דאַנקען זייער.

— ווילט איר עפּעס אין וועג אַריין? וועל איך דאָס באַזאָרגן — האָט די פּויערטע פאָרגעשלאָגן.

איך האָב זיך אָנגערופן:

— געלט האָבן מיר נישט. אַלץ וואָס איך פאַרמאָג, איז אַ לעפל. אַ זילבערנעם לעפל.

איך משהלע האָט געהאַט אַזאַ סאָרט לעפל, נאָר ער האָט געשוויגן. איך האָב אים געזאָגט ער זאָל אויך זיין לעפל אַוועקגעבן, וועלן מיר דערפאַר קריגן אַ פּאָר ברויט.

משהלע האָט מיר געענטפערט:

— דעם לעפל היט איך שוין אַ פּאָר יאָר, זאָל איך יעצט אַוועקגעבן דעם לעפל?

— אַז איר האָט אַזויפיל געלט אין שטאָט, — האָב איך געזאָגט — וועט איר אייך צוריקקויפן אַ צווייטן לעפל.

די פּויערטע האָט פאַרזיכטיק באַקוקט ביידע לעפל און געטענהט, אַז איין ברויט איז אויך צופיל. זי האָט נאָך פאַרלאַנגט די דעקע אין וועלכער איך בין געווען איינגעהילט.

איך האָב זיך נישט געדינגען מיט דער פּויערטע. זי וויל די דעקע, זאָל זי נעמען. אָבער ווען זי איז אַראָפּ פונעם בוידעם אַרויפצוברענגען דאָס ברויט, האָב איך פון דער דעקע אָפּגעריסן אַ שטיק אויף צו פאַרהיטן מיין קאָפּ פון די קאַלטע ווינטן אין פעלד.

ווען די פּויערטע איז ווידער אַרויפגעקומען אויפן בוידעם, האָט זי נאָכאַמאָל באַטראַכט די דעקע מיט ביידע לעפל. דערנאָך האָט זי מיר דערלאַנגט צוויי ברויט און געזאָגט:

— איך וואָלט דיר עפּעס מער געגעבן, נאָר היינט איז שבת.

די פּויערטע האָט אונז נאָך אָנגעווינטשן מיר זאָלן „אי־בערלעבן" און ווי נאָר ס'איז צוגעפאַלן די נאַכט זענען מיר אַראָפּ פונעם בוידעם.

מיר האָבן נאָך געהאַט אַ ווייטן וועג קיין ראַדאָם. מיר האָבן געמוזט אַהינקומען וואָס פריער. רובינשטיין מיט ראַב־מיל האָבן אונז ווידער געפירט דורך היגטער סטעזשקעס, דורך וואַלד און פעלד, און דורך — אָנגעוואַסערטע ראַוועס. ביים איבערגיין אַ ראָוו מיט וואַסער האָט איינער דעם צווייטן געדאַרפט אַרויסהעלפן. שפּעט אין דער נאַכט האָט מען דער־הערט אַ שיסעריי. פון צייט צו צייט האָט זיך איבערן פינצ־טערן הימל באַוויזן ליכט פון רעפלעקטאָרן מיט פאַרשידענע פייערדיקע צייכנס. „דער פראָנט איז נישט ווייט" — האָט מיין זון צו מיר געזאָגט און שוין נאָענט פון דער באַן־ליניע, האָט רובינשטיין שטיל אַרויסגערעדט:

— עמיץ גייט. מ'דאַרף זיך באַהאַלטן.

נאָר וואו באַהאַלט מען זיך אין פרייען פעלד? צום גליק האָט מען אין דער פינצטערניש אָנגעטראָפן אַ קשאַק און מען האָט זיך ביי דעם קשאַק צונויפגעקאָרטשעט.

עס האָט געדויערט ביז מען האָט דערהערט עמיצן פאַר־בייגיין. דער פאַרבייגייער איז געווען באַוואָפנט מיט אַ ביקס. ווען ער איז שוין געווען ווייט פון אונז האָב איך געזאָגט, אַז ער איז „פאַרבלענדט געוואָרן".

— צוליב דעם האָב איך טאַקע געוואָלט מיטגיין מיט אין, — האָט משהלע זיך אָנגערופן — ווען זי זענען אין גע־פאַר, געשעעט נסים. איך גלויב אַז מיט אין, פרוי פוקס, וועל איך איבערלעבן.

---

ווען עס האָט אָנגעהויבן טאָגן, האָב איך אַלעמען גע־לאָזט — פאַרויס. אויך מיין זון איז שנעל אַוועק.

ווען אַלע זענען מיר פאַרלוירן געוואָרן פון די אויגן, איז מיר דער וועג פאַרגעקומען אומבאַקאַנט און פרעמד.

צוויי שאָסיי וועגן האָב איך פאַר מיר געהאַט, אָבער איך בין געשטאַנען און געקוקט ווי אַ פאַרבלאָנדזשעטע. כ׳האָב נישט געוואוסט מיט וועלכן וועג צו גיין אין שטאָט אַריין.

אינדעם האָב איך פונווייטנס דערזען צוויי פויערטעס מיט קאַנען מילך. איך האָב געטראַכט: די מילך טראָגן זיי זיכער אין שטאָט אַריין און כ׳האָב זיך געלאָזט מיטן זעלבן וועג וואָס די פויערטעס. אָבער נאָכן אָפּגיין אַ שטרעקע, האָב איך דערקענט, אַז דאָס איז דער שאָסיי קיין אַנטאָניוואָוקע. איך בין צוריקגעגאַנגען און דערזען אַרויסקומען אַ פויער פון אַ כאַטע. כ׳האָב אים געפרעגט די ריכטונג קיין ראַדאָם. דער פויער האָט מיך אָנגעקוקט און זיך איבערגעצלמט.

— פונוואַנען ביסטו?

כ׳האָב געענטפערט, אַז כ׳בין פון קאָזשעניץ, אַז פון דאָרט האָט מען אַלעמען אַרויסגעטריבן. דער פויער האָט זיך ווידער איבערגעצלמט. ער האָט באַדויערט מיין אויסזען. נאָכהער האָט ער מיר געזאָגט, אַז ער גייט אין שטאָט אַריין, נאָר דורך אַן אַנדערן וועג, ווייל ער טראָגט מילך און אויפן שאָסיי שטייען היטערס.

ער האָט אַ זאָג געטאָן:

— דו דאַרפסט נישט מורא האָבן. דו האָסט גאָרנישט.

דער פויער איז אַוועק זיין וועג. איך בין אויפסניי געבליבן אַליין און כ׳האָב ווידער נישט געוואוסט וואָס צו טון: צי זאָל איך גיין אויפן שאָסיי, אָדער נאָכגיין נאָך דעם פויער אויפן פעלד?

דורכן פעלד איז געווען אַ סך ווייטער צו דער שטאָט, דאָך האָב איך זיך געלאָזט דורכן פעלד.

אָבער אין עטלעכע מינוט אַרום בין איך שוין מיט ביידע פיס געשטאַנען אין וואַסער... וואו איך האָב געשטעלט אַ טריט האָט עס מיך אַריינגעשלעפּט...

כ׳בין צוריק אַרויס אויפֿן שאָסיי. נאָכן דורכמאַכן אַ שטרעקע האָב איך דערזען ווי נאָך מענטשן גייען און זשאַנדאַרמעריע טשעפּעט זיי נישט. אויך מיך האָט דער ערשטער זשאַנדאַר נישט געטשעפּעט. דער צווייטער האָט אָבער געקאָנט אָפּשטעלן. נאָר מיטאַמאָל איז עפּעס געשען: פֿון מיין פּוס האָט זיך אָפּגעריסן אַ האַלבער שוך, וואָס איז געוואָרן דורכגעווייקט פֿון וואַסער אויפֿן פֿעלד.

דער צעפּאַלענער שוך האָט מיך אויסטערליש צעטומלט. נאָר באַלד האָב איך זיך אַרומגעקוקט, צי עס ליגט ערגעץ אַ שטריקל, אָדער אַ בענדל. אינדעם האָב איך דערזען אַ שוואַרצע שמאַטע. ווען כ׳האָב זי אויפֿגעהויבן און גענומען אַרומבינדן דעם צעקראָכענעם שוך האָט זיך צו מיר דערנענטערט אַ זשאַנדאַר. ער האָט געקוקט ווי איך באַנדאַזשיר מיר דעם שוך מיט דער שמאַטע. ער האָט אַ פֿרעג געטאָן:

— האָסט נישט קיין שיך?

— ניין.

— וואָ איז דיין מאַן?

— מען האָט אים אָוועקגעפֿירט צו אַרבעט.

— דו גייסט אין קירכע אַריין? — האָט דער זשאַנדאַר געפֿרעגט.

איך האָב אים גאָרנישט געענטפֿערט און זיך פֿון אים דערווייטערט.

נאָך עטלעכע זשאַנדאַרמען האָב איך געהאַט פֿאַרבייצוגיין, האָב איך מיין מויל מיט מיין פּנים פֿאַרקרימט אין אַזעלכע גרימאַסן, אַז איך האָב אַוודאי אויסגעזען ווי אַן אַלטע פּוילישע בעטלערין, אין די אַכציקער. איינגעבויגן אין דרייען בין איך פֿאַרבייגעגאַנגען די לעצטע פּאָר זשאַנדאַרמען, ביז איך האָב זיך געפֿינען אויף דער ערשטער גאַס פֿון שטאָט.

אויף דער גאַס איז מיר אַנטקעגנגעקומען אַן אויסגעמערליקטער בעקער־יונג מיט אַ קויש. אין דעם קויש זענען געלעגן ווייסע בולקעלעך באַשיט מיט צוקער, אַ געבעקס, וואָס

איך האָב עס נישט געהאַט געזען זינט יאָרן! איך האָב אַריינ־געאָטעמט דעם ריח פון די ווייסע בולקעלעך און געדאַנקט דעם רבונו של עולם וואָס איך האָב נאָך דערלעבט דאָס בלויז צו זען! וויפל מענטשן האָבן דאָס נישט דערלעבט?

יאָ, ס׳איז אַ גוטער סימן, ווען מען טראָגט אַנטקעגן אַזאַ גוט געבעקס! אפשר וועל איך דאָס נאָך קויפן אַמאָל? אפשר מיט אייגענע הענט נאָך אָנבאַקן?

דערווייל איז מיר געגנוג געווען דער בלויזער געהיימער בליק אויף די בולקעלעך.

מער האָב איך מיר נישט געטאָרט דערלויבן. כ׳האָב מיר אויך נישט געטאָרט דערלויבן אָפּשטעלן עמיצן, אָדער צו עמיצן אויסרעדן אַ וואָרט אויף דער גאַס. מיין גיין אויף דער גאַס איז געווען אומלעגאַל.

נאָכהער האָב איך זיך געפונען ביי דער „ראַטשעל“, ביים גרעסטן ראַדאָמער מאַרק־פּלאַץ, וואו אין יאַריד טעג האָט אויף יעדן שטיין געררישט מיט האַנדל פון פויערים מיט יידן. צוליב חגא, איז אויף דעם גרויסן מאַרק־פּלאַץ געווען שטיל און פוסט. פוסט האָט אויך אויסגעזען ביים טויער פון די קאַזאַרמעס, וואו מיינע קינדער האָבן אַ צייט געאַרבעט און וואו מען האָט אָנהויב מלחמה צונויפגעטריבן מחנות געפאַנגענע פּוילישע זעלנער. עטלעכע פון די געפאַנגענע האָבן דאַן דייטשן פאַר־קאָפּעט לעבעדיקערהייט.

נאָך דער ראַטשעל מיט די קאַזאַרמעס, בין איך דורכגעגאַנגען די וואַרשעווער גאַס און כ׳בין צוגעקומען צו דער רוואַנ־סקע גאַס, וואו כ׳האָב געהאַט מיין געוועלב פון ראַווערן מיט ניי־מאַשינען. ביי דער גאַס בין איך געבליבן שטיין. כ׳האָב געקלערט, צי כ׳זאָל זי דורכגיין, אָדער זי אויסמיידן? כ׳האָב באַשלאָסן צו גיין דורכן שוסטער־געסל, ווייל אויף רוואַנסקע, האָב איך געקענט אָנטרעפן פּאָליאַקן, וועלכע זענען אַמאָל געווען באַפריינדעט מיט מיר.

אין קיילעכיקן מאַרק, האָב איך זיך אָפּגעשטעלט אויף

א פאר מינוטביים מאגיסטראט. אלע מאגיסטראט פענצטער זענען פון אינעווייניק געווען באהאנגען מיט שיינע ראלעטן. דאס איז געווען א סימן, אז דער מאגיסטראט איז באוואוינט. ארום דער געביידע איז געווען שטיל. מען האט קיינעם נישט געזען איבערן גאנצן קיילעכיקן מארק, וואו איך, און אנדערע יידישע קינדער האבן אפגעטומלט די קינדער־יארן. כמעט אין אלע הייזער ארום דער גאס, האבן יידישע יינגלעך און יידישע מיידלעך אין ווארשטאטן געארבעט, און נאך דער ארבעט ארומשפאצירט. אויף דער גאס זענען אויך געווען די געטא טויערן און ביי די טויערן האט מען נישט איינמאל געקוילעט אונזער יוגנט.

פון דער גאס בין איך צוגעקומען צום שפּיטאלנע געסל. נאכהער בין איך אריין אין טשאסנע געסל, וואו כ'האב מיך דערנענטערט צום הויז, אין וועלכן ס'איז יארן געווען „גישלם בעקעריי" און נאכהער די געטא־ווארשטאטן.

אין די קעלערן פון דעם הויז האט זיך געפינען מיין בונקער.

איך האב פארשטאנען, אז מיין זון מיט משהלע מיט ראכמיל, (רובינשטיין איז פארטאג צוריק אין דארף אריין) זענען שוין אינעווייניק.

כ'האב מיך גוט ארומגעקוקט, צי עמיצער באמערקט מיך. ס'איז אבער געווען זונטיק פארטאג. אין געסל האט מען נישט געזען קיין לעבעדיקן מענטש.

— מאמעליו! — האב איך דערהערט מיין זונס קול.

ווען איך בין אראפּ אין קעלער, האבן מיר אלע דערציילט נסים פון וועג: מיין זון האט דערציילט, אז דעם גאנצן וועג דורך דער שטאט, איז יעדער פון זיי געגאנגען באזונדער. איינער פון צווייטן האט זיך געפונען אויף א מהלך. האט אבער משהלע זיך געשראקן, אז ער וועט בלייבן הינטערשטעליק און דאס ארט פונעם בונקער האט ער נישט געוואוסט, האט ער גענומען שרייען: — „גייט נישט אזוי שנעל!" —

האָט ראַכמיל צוריקגעשריגן צו משהלע: — „אַ בראָך זאָל דיך טרעפן וואָס דו רעדטסט יידיש!"

## VIII

דאָס לאָך אַריינצוקריכן אין בונקער איז געווען מאַסקירט מיט אַ שטיין. דעם שטיין האָט מען אַרויסגעשלעפּט בײַם פּייער פון שוועבעלעך. דערנאָך איז איינער נאָכן אַנדערן אַרײַנגעקראָכן אין דער צוגעגרייטער „דירה".

דאָס ערשטע האָב איך גענומען זוכן די פּעקלעך ליכט וואָס איך האָב געהאַט אײַנגעקויפט דורך די אוקראַינער. פון עטלעכע פּעקלעך ליכט, האָב איך נאָר געפינען אַ פּאָר ליכט. ווען כ'האָב איינס אָנגעצינדן, האָט ראַכמיל באַטראַכט די געלעגערס מיטן בעטגעוואַנט און ער האָט געטענהט, אַז אין דעם בונקער וואָלט געווען בעסער ווי אין דאָרף.

— ווען כ'האָב געלט — האָט ראַכמיל געזאָגט — בלײַב איך אין דעם בונקער.

איך האָב אים באַצאָלט פאַר אַרויספירן מיך פון פּיאָנעק. נאָכהער האָט ער פאַרלאַנגט, אַז משהלע זאָל אים אויך באַצאָלן.

— היינט איז זונטיק, — האָט משהלע געענטפערט — היינט קאָן איך נישט גיין צום פּאָליאַק נאָך געלט.

ראַכמיל האָט זיך גענומען קריגן מיט משהלע. משהלע האָט געטענהט:

— ס'וועט דיר גאָרנישט העלפן. כ'דאַרף קודם אַהינגיין צום פּאָליאַק. וועט ער מיר געבן, וועל איך דיר געבן. מוזט וואַרטן ביז מאָרגן.

— כ'מוז וואַרטן ביז מאָרגן? — האָט ראַכמיל געפרעגט — נאָך היינט, מוז איך צוריקגיין אין דאָרף אַריין.

— דאַרפסט גיין, גיי! — האָט משהלע אַ זאָג געטון — כ'מוז דיר באַצאָלן? האָסט מיך אַהערגעטראָגן? כ'בין דאָך

אליין אהערגעגאנגען!

— און די פרוי פוקס, האָב איך אהערגעטראָגן? כ'האָב געדאַרפט איינשטעלן מיין קאָפּ פאַר דיר?

ווי לאַנגביידע האָבן זיך געקריגט, האָב איך דערווייל פון אַ מעדיצין פלעשעלע און פון אַ וואַטאָווע קנויטל געמאַכט אַ קאָגאַניעץ. ווען דער קאָגאַניעץ האָט שוין געלויכטן מיט אַ פלעמל, האָב איך אויפסניי אָנגעהויבן זוכן צווישן בעט־געוואַנט און צווישן אַנדערע חפצים, וועלכע כ'האָב געהאַט אַריינגעטראָגן ביים איינאָרדענען דעם בונקער. אפשר האָט זיך צווישן די זאַכן פאַרוואַלגערט אַ פאַר טשאַפּעס? כ'האָב אָבער געפינען אַ פּאַר נישקשהדיקע שיך. (די קאַשע מיט אַנדערע שפּייז האָבן שטשורעס געהאַט אויפגעגעסן). די שיך האָבן מיר אָראָפּגענומען אַ שטיין פון קאָפּ. נאָר די קריגעריי צווישן משהלע מיט ראָכמיל האָט נאָך געדויערט. צום סוף האָט ראָכמיל באַשלאָסן איבערצובלייבן ביז מאָרגן.

צומאָרגנס באַגינען איז משהלע מיט ראָכמיל אויפגעשטאַנען אַוועקצוגיין צום פּאָליאַק. אָבער אויף דער פּלייצע פון משהלעס מלבוש איז געווען אַ מגן־דוד וואָס ער האָט געהאַט פאַרדעקט ביים אהערקומען און מען האָט דאָס אויפסניי געמוזט מאַסקירן.

איך האָב אויסגעזוכט אַ טאָרבע. משהלע האָט זי אָנגעהאַנגען אויף אַ שטעקן, וואָס ער האָט געגומען אויפן אַקסל, און די טאָרבע האָט פאַרשטעלט דעם „מגן־דוד".

פאַרנאַכט, ווען משהלע מיט ראָכמיל זענען צוריקגעקומען אין בונקער אַריין, האָט ראָכמיל געזאָגט, אַז משהלע האָט אים אָפּגענאַרט. משהלע האָט געטענהט, אַז דער פּאָליאַק האָט פונקט נישט געהאַט קיין געלט.

— כ'האָב געוואָלט מיט אַריינגיין צום פּאָליאַק, האָט ער מיך נישט געלאָזט, — האָט ראָכמיל דערציילט וועגן משהלע — דער קאָמבינאַטאָר האָט מיך עקסטרע געלאָזט אינדרויסן.

עס האָט אים גאָרנישט געהאָלפן, ראַכמילן. ער האָט געמוזט צוריק אַוועקגיין אין דאָרף אַריין. איך האָב אים געבעטן ער זאָל מיין טאָכטער אָפּגעבן אַ גרוס, אַז מיר זענען שוין אין בונקער.

נאָך ראַכמילס אַוועקגיין האָט משהלע אַרויסגעשלעפּט אַ שטיק ווייס ברויט. איך האָב געפרעגט פאַרוואָס האָט ער פון דעם ברויט גאָרנישט געגעבן ראַכמילן?

— יענער האָט גענוג צו פרעסן באַ זיינע פּויערים — האָט משהלע געענטפערט — זאָל איך אים נאָך געבן?

— אַזוי טוט מען נישט. ראַכמיל האָט איינגעשטעלט זיין לעבן ביים אַהערפירן אונז. איר האָט אים כאָטש געדאַרפט געבן אַ שטיקל ברויט.

— כ'וועל אייך געבן דאָס שטיקל ברויט.

— ראַכמילן האָט איר געדאַרפט געבן.

נאָכהער האָט משהלע דערציילט אַז ער האָט שוין אויך גענומען געלט ביים פּאָליאַק און, אַז מאָרגן וועל איך קענען אַרויסגיין אין גאַס איינקויפן.

— נאָפט מיט אַ פּרימוס מאַשינקע איז דאָ — האָט ער געזאָגט — וועלן זי מאָרגן איינקויפן קאַשע מיט אַרבעס.

צומאָרגנס, איידער עס האָט אָנגעהויבן טאָגן, בין איך שוין געווען אינדרויסן און דאָס דרויסנדיקע לאָך, דורכוואַנען מען האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אין קעלער אַריין צום בונקער, האָב איך אַרומגעשטעלט מיט ציגל. נאָכדעם בין איך אַריין אין אַ חורבה איבערצוואַרטן ביז עס וועט ווערן ליכטיק. די גאַנצע צייט וואָס איך בין געשטאַנען אין דער חורבה האָט מיר געקלאַפּט אַ צאָן אין אַ צאָן. קעלט מיט אימה האָבן מיך געטרייסלט. ווען ס'איז געוואָרן ריכטיק טאָג, בין איך אַוועק אין קיילעכיקן מאַרק. כ'האָב אָנגעטראָפן פאַרשידענע פאַרבייגייער, נאָר קיינעם פון זיי איז מסתמא נישט איינגעפאַלן, אַז אַ יידישע פּרוי געפינט זיך צוריק אין שטאָט. אין קראָמען פון אויסגעמאָרדעטע האָט אַלץ אויסגעזען פאַרענדערט מיט

אַנדערע באַלעבאַטים. ווען כ'בין צוגעקומען צו מיין געוועזן געוועלב אויף רוואַנסקע גאַס, זענען די טירן געווען פֿאַרמאַכט. כ'בין עס פֿאַרביי ווי כ'וואָלט קיינמאָל נישט באַרירט די שוועל פֿון דעם געוועלב. אויף דער אַנדער זייט טראָטואַר האָט גע־וואוינט און געאַרבעט אייזיק באַרשטנמאַכער, וועמענס מיידע־לע האָט זיך שטענדיק געשפּילט מיט מיין איטעלע, וואָס איז געשטאָרבן אין 1940. ביידע קינדער פֿלעגן אַרומלויפֿן אויף דער גאַס מיט געלעכטער. נאָר אויף דער גאַס איז נישטאָ מער דאָס געלעכטער פֿון אונזערע קינדער.

אַלעמען האָט מען אויסגעקוילעט און איך בין געגאַנגען ווי אַ געטריבענע. עס האָט מיך געטריבן די מורא, עס האָט מיך געטריבן דער געדאַנק, אַז איך דאַרף איינקויפֿן ברויט אין בונקער אַריין.

נאָר וואו האָב איך געקאָנט איינקויפֿן ברויט? כ'האָב זיך דערמאָנט, אַז אויף דערזועלבער גאַס, נאָכן קאָשטשיאָל, איז פֿאַראַן אַ בעקעריי פֿון בעקער מירקאָווסקי. ווען כ'בין צוגע־קומען צו מירקאָווסקים קראָם און געוואָלט אַריינגיין, האָב איך דערזען, אַז אינעווייניק איז פֿיל מיט קונים. איך האָב אָפּגע־וואַרט ביז די קונים זענען אַרויס. דערנאָך בין אין אַריין.

ביים טיש איז געשטאַנען די בעקערין מירקאָווסקי, אַ בלאָנדע דיקלעכע קריסטן. זי האָט געפֿרעגט וואָס איך פֿאַר־לאַנג?

— איך וויל אַ ברויט, — האָב איך געזאָגט.

— סאַראַ ברויט? — האָט די מירקאָווסקי געפֿרעגט — שוואַרץ, אָדער ווייס?

— שוואַרץ. זאָל זיין שוואַרץ.

— שוואַרץ ברויט איז נאָר אויף קאַרטן. אָן קאַרטן איז דאָס ווייסע.

— ווייס ברויט, קאָן איך מיר נישט דערלויבן. פֿאַרקויפֿט מיר שוואַרץ ברויט.

מיט דער מירקאָווסקי האָב איך זיך געקאָנט יאָרן. זי

האָט אויף מיר געקוקט און איך האָב געציטערט, זי זאָל מיך נישט דערקענען.

זי האָט אָנגעהויבן אויספרעגן פונוואַנען איך קום. איך האָב געענטפערט:

— פון קאָזשעניץ.

— פון קאָזשעניץ? ביי מיר געפינט זיך אַ שוועסטער פון קאָזשעניץ!

אויף דער מירקאָווסקים רוף האָט זיך באַלד באַוויזן די שוועסטער. יענע האָט אויף מיר געקוקט און די מירקאָווסקי האָט געפרעגט:

— קענסט די פרוי?

— ניין.

איך האָב אויך געזאָגט: „ניין", פרעגנדיק ביי דער מיר־קאָווסקים שוועסטער, צי זי האָט געקענט „אַלע" קאָזשעניצער איינוואוינער?

— יאָ, האָט זי געענטפערט. איך האָב געטענהט, אַז נישט איך האָב געקענט „אַלעמען" און נישט זי האָט געקענט „יעדן".

די מירקאָווסקי האָט אַ פרעג געטאָן:

— קינדער האָסטו?

— יאָ.

— וויפל קינדער?

— צוויי קינדער. איינס איז אַלט פינף יאָר. דאָס אַנ־דערע צוויי יאָר.

די מירקאָווסקי האָט שוין געוואָלט וויסן וואו כ'וואוין מיט די קינדער, האָב איך איר געזאָגט: — „אין די באַראַקן פאַר היימלאָזע". — נאָכהער האָב איך ווידער געבעטן אַז זי זאָל מיר פאַרקויפן שוואַרץ ברויט אָן קאַרטן.

זי האָט מיר געגעבן צוויי קאָכעדיקע ברויט און געזאָגט:

— אויף דער גאַס האָב איך געהאַט אַ שכנטע, איז זי אינגאַנצן ענלעך געווען צו דיר. נאָר יענע האָט געהאַט עלטע־רע קינדער. יענע האָט אויך אויסגעזען בעסער...

איך האָב זיך צעלאַכט און געפרעגט:

— ווי איז זי, יענע?

— זי איז געווען אַ יידישע!

— אַ יידישע? ווען איך בין אַ יידישע, וואָלט איך צו דיר אַריינגעקומען?

— איך פאַרשטיי, איך פאַרשטיי. נאָר ביסט אַזוי ענלעך צו יענער.

ווען איך בין שוין געווען אינדרויסן, האָב איך אינזינען געהאַט, צי די מירקאָווסקי קוקט מיר נאָך? איך האָב געזען זי אַרויסקוקן פון דער קראָם און כ'האָב באַשלאָסן צו זיין פאַר־זיכטיק מיט דער בעקערין.

כ'בין אוועק צום אָרט פונעם בונקער. כ'האָב זיך גע־מאַכט זוכן צווישן די ציגל און אַזוי אַרום האָב איך די צוויי ברויט אַריינגעוואָרפן אין קעלער אַריין.

ערשט שפּעטער האָב איך זיך געכאַפּט ס'אַרא נאַר איך בין: פאַרוואָס האָב איך מיר נישט אַראָפּגענומען קיין שטיקל ברויט?

דאָס איז פון מיר געווען אַ גרויסע נאַרישקייט. נאָר ס'איז געווען אָפּגעטון און פאַרפאַלן. איך האָב געדאַרפט איינקויפן אַרבעס מיט קאַשע.

נאָכאַמאָל אַריינגיין אין אַ קראָם, האָב איך שוין נישט געוואָלט. כ'האָב זיך אוועקגעלאָזט צו דער „ראַטשעל". דער גרויסער מאַרק־פּלאַץ, האָט כמעט אויסגעזען ווי אין די פריער־דיקע צייטן: די האַלע מיט יאַטקעס מיט אַלע געוועלבער זענען געווען אויפגעמאַכט; בודקעס מיט גאַלאַנטעריע און טישן מיט שניט, זענען געווען אויסגעשטעלט; פּאַליאַקן האָבן אַלץ געהאַט געירשנט. נישט אומזיסט האָבן זיי געהאָלפן מען זאָל די יידן אויסראָטן.

איך האָב זיך דערנענטערט צו אַן אַלטע באָבע, וואָס איז געזעסן ביי אַ זעקל קאַשע. כ'האָב געפרעגט וויפל זי פאַר־לאַנגט פאַר אַ קוואָרט קאַשע? די זקנה האָט מיר געזאָגט אַ סומע גראָשנס.

נאָכן איינקויפן די קאַשע, האָב איך געקויפט אַרבעס מיט ליכט, נאָר כ'האָב נאָך געמוזט איבערבלייבן און זיך אַרומ־פּלאָנטערן אויף דעם מאַרק, ווייל ס'איז נאָך געווען צו פרי אוועקצוגיין צום בונקער. כ'האָב געמוזט אָפּוואַרטן ביז פאַר־נאַכט.

---

ווי נאָר כ'בין פאַרנאַכט אַריינגעקראָכן אין בונקער האָב איך שוין נישט געטראָפן קיין כזית פון די צוויי ברויט. „גאַנ־צע צוויי ברויט האָט איר אויפגעגעסן?" — האָב איך עטלעכע מאָל געפרעגט. און מיין זון האָט דערציילט, אַז ווען ער האָט אַריינגענומען די צוויי ברויט, וואָס איך האָב אַריינגעוואָרפן אין קעלער, זענען די ברויט נאָך געווען קאָכעדיק. ס'האָט גע־בריט די הענט. נאָר ער מיט משהלע האָבן נישט געקוקט וואָס בריט. זיי זענען געווען הונגעריק.

— ס'גאַנצע מויל האָב איך מיר אָפּגעבריט, — האָט מיין זון דערציילט — עס בריט נאָך!

— אַ שיינע כפרה! — האָב איך מיט כעס געזאָגט — עץ האָט גאָרנישט איבערגעלאָזט פאַר מיר? גאַנצע צוויי ברויט, האָט עץ חתונה געמאַכט?

— זי האָבן געקאָנט קויפן נאָך אַ ברויט, — האָט זיך משהלע אָנגערופן — כ'האָב געהערט ס'קאָסט ביליג, האָב איך אויפגעגעסן.

נאָכהער האָט זיך משהלע אַראָפּגעשאַרט פון זיין געלעגער. ער האָט אָנגעהויבן אַריינקוקן אין די אַרבעס מיט דער קאַשע וואָס איך האָב איינגעקויפט אויפן מאַרק.

ער האָט גענומען אַ טעפּל וואָס איך האָב געהאַט פון פּיאַ־נעק. מיט דעם טעפּל האָט ער געוואָלט איבערמעסטן די קאַשע מיט די אַרבעס.

— וואָס ווילט איר? — האָב איך געפרעגט.

— כ'וויל וויסן צי זי האָבן געקויפט אַ גאַנצע קוואַרט אַרבעס. זי האָבן געקאָנט קויפן ווינציקער, ווי זי זאָגן...

צומאָרגנס בין איך ווידער אַריינגעגאַנגען צו דער בעקערין מירקאָווסקי.

זי האָט געפרעגט, צי זי זאָל מיר אַרויסגעבן ברויט צו פאַרקויפן? זי וועט מיר רעכענען אַ ביליגערן פרייז פאַר יעדן ברויט. איך וועל קענען פאַרדינען. איך האָב געזאָגט:

— ווי קענסטו מיר געבן ברויט צו פאַרקויפן, אַז איך האָב נישט דערפאַר צו באַצאָלן?

— איך געטרוי דיר. וועסט פאַרקויפן, וועסטו ברענגען ס׳געלט.

— היינט קאָן איך נישט. היינט מוז איך זיין מיט מיינע קינדער.

— און מאָרגן?

די מירקאָווסקי האָט נאָכאַנאַנד אַריינגעקוקט אין מיינע אויגן. איך האָב נישט געוואוסט וואָס זי איז אויסן: צי וויל זי מיר שלעכטס טון, אָדער מיינט זי מיין טובה?

דערווייל האָט זי מיר פאַרקויפט צוויי ברויט און האָט מיר נאָך צוגעלייגט אַ גרויס שטיק — אומזיסט. כ׳האָב איר פאַרזיכערט, אַז כ׳וועל מאָרגן קומען, נאָר געקומען בין איך אַ טאָג שפּעטער.

— פאַרוואָס האָסטו זיך נישט געוויזן נעכטן? — האָט די מירקאָווסקי געוואָלט וויסן.

כ׳האָב איר געענטפערט, אַז איין קינד איז מיר קראַנק, אַז כ׳האָב נישט געקענט אַוועק דערפון.

די מירקאָווסקי האָט באַדויערט מיין לאַגע און האָט אויפסניי געפרעגט, צי כ׳וועל אַרויסנעמען ברויט צו פאַר־קויפן?

„קוים וועל איך איר ווידער אָפּזאָגן, האָב איך געטראַכט, וועט זי זיך באַלד משער זיין ווער איך בין".

איך האָב געמוזט ריזיקירן.

אַ ביסל שפּעטער בין איך שוין געשטאַנען אַלס הענדלערין פון ווייס ברויט אויפן גרויסן, ראַטשעלער מאַרק־פּלאַץ... פּוי־

לישע מענער מיט פּוילישע ווייבער זענען צו מיר צוגעקומען און ביי מיר געקויפט, און עס האָט נישט לאַנג געדויערט בין איך נאָכאַמאָל אַוועק צו דער מירקאָווסקי.

נאָכהער בין איך אַ צווייט מאָל געווען אויף דער ראַטשעל מיט עטלעכע ברויט. אויך דאָס האָב איך שנעל פאַרהאַנדלט און מיט אַ ביסל באַהאַלטענעם ריווח אין בוזים האָט עס מיך געטריבן אַ דריט מאָל אַרויסצוטראָגן ברויט אויפן מאַרק. אָבער ווי נאָר כ'בין צום דריטן מאָל פּאַרטיק געוואָרן מיטן מסחר, האָב איך באַמערקט ווי צוויי פרויען אָבסערווירן מיך. כדי צו זיין זיכער, אַז איך האָב נישט קיין טעות, האָב איך רי־זיקירט מיט אַ פּאָר טריט נענטער צו די פרויען.

אין איינע פון די פרויען האָב איך דערקענט מיינס אַ קלי־ענטקע, וואָס ביז דער מלחמה איז זי אָפט אַריינגעקומען אין מיין געוועלב.

כ'האָב זיך תיכף אָפּגעטראָגן פון דער ראַטשעל. כ'בין אַריין אין אַ הויף, פונוואַנען מען האָט געקאָנט אַרויס אויף אַ צווייטער גאַס.

אויף דער צווייטער גאַס, האָב איך זיך באַהאַלטן אין אַ פּאָר טויערן. נאָכדעם האָט עס מיך ווידער געיאָגט. עס האָט זיך מיר נאָר אויסגעדאַכט, אַז די צוויי פרויען שפּיאָנירן נאָך מיר. אַזוי האָט עס אָנגעהאַלטן ביז איך בין צוגעקומען צו דער מירקאָווסקים קראָם. אָבער נאָך דער גאַנצער אימה אין גאַס, בין איך אַריין צו דער מירקאָווסקי מיט אַזאַ שמייכל, אַז ווען זי וואָלט, אַפילו געוואוסט ווער איך בין, וואָלט זי אָנגע־הויבן צווייפלען צי כ'בין טאַקע דיזעלבע.

זי האָט מיך אויסגעפרעגט, צי עמיצער האָט מיר עפּעס געשטערט ביים פאַרקויפן די ברויט? נאָכדעם האָט זי מיר געגעבן אַ ביסל ראַזאַוואַנע מעל. — „נעם דאָס פאַר דיינע קינדער". — האָט זי געזאָגט. זי האָט מיר אויך געגעבן אַ פּאָר ציבעלעס און געטענהט, אַז איך קאָן יעדן טאָג פאַרדינען ביים פאַרקויפן ווייס געבעקס.

אַרויסגייענדיק פון דער מירקאָווסקים קראָם האָב איך געדאַנקט דעם רבונו של עולם דערפאַר, וואָס כ'האָב אַ ביסל פאַרדינט און נאָכמער דערפאַר, וואָס כ'בין ניצול געוואָרן פון די צוויי פרויען אויפן מאַרק. ווען נישט יענע קריסטן, וועלכע קען מיך, וואָלט איך שוין אפשר נישט געדאַרפט, אַז משהלע זאָל זיין מיין געלט פאַרזאָרגער.

— זי האָבן נישט געברענגט קאַ קאַשע? — האָט משהלע געפרעגט ווען כ'בין פאַרנאַכט אַריינגעקראָכן אין בונקער.

איך האָב אים געענטפערט, אַז כ'האָב אינגאַנצן פאַרגעסן וועגן „קויפן קאַשע" און אַז פון דער מירקאָווסקי האָב איך באַקומען אַ ביסל ראַזאָוואַנע מעל. משהלע איז צופרידן געווען מיט דעם מעל. ער האָט מיר געעצהט, אַז איך דאַרף יעדן טאָג אַריינגיין צו פּאָליאַקן און בעטן: — „מ'זאָל מיר געבן". — איך האָב אים דערקלערט, אַז כ'וואָלט דאָס אפשר געטון ווען ער וואָלט זיך נישט געפונען אינעם בונקער. אָבער מיט אַזאַ רייכן מענטש, ווי ער, זאָל איך נאָך אַרומגיין אין די הייזער? כ'האָב אים געפרעגט:

— וואָס וועל איך טון, אויב כ'וועל פּונקט אַריינטרעפן ווי ס'וואוינען מיינע באַקאַנטע?

— מיט אין איז מען אויסגעזאָרגט — איז געווען משהלעס ענטפער — אין, וועלן די יעקעס נישט כאַפּן. זי זענען קלי־גער פון אַלע יעקעס.

נאָכהער, ווען איך האָב גענומען קאָכן אויף דער פּרימוס־מאַשינקע, האָט משהלע געטענהט:

— זי וויסן פרוי פוקס, צי אינם צרות, זעען זי נאָך אוים אַ שיינע. אפשר וואָלטן מיר אַוועקגעגאַנגען אין דאַרף אַריין צו אינם טאָכטער? דאָ, אין בונקער, וועט אונז דער ווילגאַטש ממיתן. אין דאַרף וואָלט איך פאַר אַלעם געצאָלט.

— זי מיינען, איך בין אַזאַ שלעכטער? — האָט ער ווייטער גערעדט — דער בונקער מאַכט מיך שלעכט. ווייל כ'האָב נישט קאַ לופט, דערפאַר בין איך שלעכט.

— מ׳ווייסט שוין — האָט זיך מיין זון אָנגערופן — אַ שלעכטער איז אומעטום שלעכט. און אַ קאַרגער איז אומעטום — קאַרג. איר קאָנטראָלירט יעדן גראַשן. איר מעסט די קאַשע מיט די אַרבעס.

— איך זאָל אַרויס פונדאַנען, וועל איך ווערן אַנדערש — האָט משהלע געענטפערט — זאָלן מיר נאָר אַרויס, וועט ער׳ זען.

ווען מיר האָבן געגעסן דאָס אָפּגעקאָכטע ראַזאָוואַנע מעל וואָס די מירקאָווסקי האָט מיר געגעבן האָט משהלע דערציילט, אַז בעת ער איז נעכטן געווען נאָך געלט ביים פּאָליאַק, האָט יענער געוואָלט אים מיטגעבן קאַרטאָפל, נאָר ער, משהלע, האָט נישט געוואָלט נעמען די קאַרטאָפל. איצט וואָלטן די קאַרטאָפל גוט געווען מיט דעם ראַזאָוואַנע מעל. עס וואָלט געווען אַ גוט מאכל.

— מיר עצהט איר, כ׳זאָל גיין אין די הייזער? — האָב איך געפרעגט — אייך האָט מען געוואָלט געבן קאַרטאָפל, האָט איר נישט גענומען? צי וואָס דערציילט איר דאָס?

— ביים פּאָליאַק האָב איך אַ מאַיאָנטעק — האָט משהלע געזאָגט — האָט מיר געפּאַסט, כ׳זאָל פון אים נעמען עטלעכע קאַרטאָפל?

נאָכן אָפּעסן דאָס געקעכטס פון שוואַרצן מעל האָט משהלע נאָך אַליין גערעדט וועגן זיין „מאַיאָנטעק" ביים פּאָליאַק. נאָכהער האָט יעדער איינגעדרימלט. ווען איך האָב זיך איבערגעוועקט, האָב איך דערהערט טריט אין קעלער.

די טריט האָבן מיך איבערגעשראָקן, נאָר באַלד האָב איך דערהערט:

— מאַמעליו.

כ׳האָב דערקענט מיין טאָכטערס קול.

ווען כ׳האָב דערזען מיין טאָכטער, האָב איך אינזינען געהאַט כ׳זאָל איר נישט געבן קיין עין־הרע.

פון דער דאָרפישער לופט האָט זי געהאַט אַן אויפגעפרישט

פנים. זי האָט אויך אויסגעזען געהעכערט אין וואוקס. מיין טאָכטער האָט אויסגעפּאַקט אַ האַלב ווײַס ברויט און משהלע האָט זיך ווידער צערעדט, אַז ער וואָלט גוט באַצאָלט, ווען מיר זאָלן אַלע אַרוים אין דאָרף אַריין.

— איר מיינט אויף אַן אמת? — האָט מיין טאָכטער גע־פרעגט.

זי איז זיכער געווען, אַז משהלע מיינט טאַקע דאָס וואָס ער דברט און זי האָט אים צוגעזאָגט איבערצורעדן מיט איר באַלעבאָס, יענער זאָל אונז אַלעמען אַריינגעמען.

— איר וועט אָבער ברויכן כסדר צאָלן — האָט מיין טאָכטער געזאָגט.

— ווי דען? — האָט משהלע צוגעשטימט — אחוץ וואָס איך וועל דעם פּויער צאָלן, וועל איך נאָך דיר געבן אַ שיינע מתנה.

אין דער צייט וואָס משהלע האָט גערעדט צו מיין טאָכטער, האָב איך דערווייל באַמערקט, אַז דאָס מיידל האָט נישט קיין העמד אויפן לייב. איך האָב אַרויסגענומען אַ העמד וואָס איך האָב נאָך געהאַט צווישן די אָנגעגרייטע זאַכן אינעם בונקער. מיט דעם העמד האָט זיך מיין טאָכטער שטאַרק דערפרייט, אָבער צומאָרגנס באַגינען ווען זי האָט זיך געגרייט צוריקצוגיין אין דאָרף אַריין האָט זי געטענהט, אַז זי וועט דאָס העמד פאַר־קויפן, ווייל זי מוז האָבן אַ פּאָר שיך. זי האָט מיר געוויזן ווי אירע שיך זענען מיט אויסגעריבענע זוילן, ווי אַלץ האַלט ביים צעפאַלן.

איך האָב איר געגעבן מיינע שיך, ווייל זי איז געווען אויף דער פריי און זי האָט געמוזט האָבן אַ פּאָר שיך.

נאָכדעם ווי איך האָב זיך מיט מיין טאָכטער נאָך אַ ביסל אויסגעטענהט, האָט זי זיך געגרייט אַרויסצוקריכן פון בונ־קער.

— פאַרגעס נישט וואָס מיר האָבן נעכטן אָפּגערעדט, — האָט משהלע זי דערמאָנט — כ׳וועל דעם פּויער פאַר אַלעם צאָלן.

# IX

עטלעכע טעג דערנאָך, אין אַ באַגינען, איז משהלע מיט מיין זון אַרויס פונעם בונקער.

ביידע האָבן געהאַט אָפּגעשמועסט אַוועקצוגיין צו מיין טאָכטער אין דאָרף אַריין. אָבער עס האָט נישט לאַנג געדויערט איז משהלע צוריקגעקומען און דערציילט, אַז מיין זון איז פון אים אַנטרונען ביי דער הויפּט־גאַס. — „אפשר איז עפּעס געשען? אפשר האָט מען אים געכאַפּט?" — האָב איך געפרעגט. נאָר משהלע האָט געטענהט, אַז ער ווייסט נישט. ער האָט גאָרנישט געזען.

— וואָס הייסט איר האָט גאָרנישט געזען?

— כ'מיין, אייער זלמן האָט זיך פון מיר אַוועקגעדרייט.

— פאַרוואָס האָט ער זיך אַוועקגעדרייט? איר האָט אים אפשר באַליידיקט?

משהלע האָט מיר נישט געענטפערט. ער האָט זיך צוגערוקט צו מיר און געזאָגט, אַז ס'איז דאָ קאַרטאָפל זאָל איך אָפּקאָכן. מיר וועלן עסן. מיין זון וועט שוין קומען. ער וועט נישט פאַרלוירן ווערן.

— קלערן זי אַ ביסל פאַר זיך. וואָס עפּעס נאָר קלערן פון קינדער?

ער האָט מיך אַרומגענומען און אַרויסגערעדט:

— יעצט איז קיינער נישטאָ... מיר זענען אַליין...

— רוקט אייך נאָר אַוועק! — האָב איך געזאָגט דערצאָרנט. נאָר ער האָט ווידער פּרובירט זיינס. דערביי האָט ער מיך געוואָלט באַרואיקן, אַז מיין זון וועט זיכער צוריקקומען, אַז איך זאָל מיך אויך אינזינען האָבן. איך בין נאָך יונג.

— פרעמד, זענען מיר אויך נישט... — האָט ער צו מיר געטענהט — מיר זענען צוזאַמען אין צרות...

ער האָט מיך גאָרנישט געלאָזט צורו. נאָר ווען ער האָט פון מיר געקריגן פּעטש, האָט ער זיך אויסגעצויגן אויף זיין

געלעגער און שעהן נאָכאַנאַנד האָט ער נישט אויסגערעדט קיין וואָרט.

פּונקט איז דעמאָלט געווען פּרייטיק. די ענד פֿון טאָג, האָב איך געוואוסט לויטן גיין אויף די טרעפּ פֿון די אויבערשטע שטאָקן, וואו עס האָבן געאַרבעט באַאַמטע. די באַאַמטע פֿלעגן פֿאַרלאָזן דאָס הויז אַרום פֿיר, אָדער פֿינף אַזייגער פֿאַרנאַכט. ווי נאָר כ׳האָב דערהערט זייערע לעצטע אַראָפּ־גייענדיקע טריט פֿון די שטיגן, האָב איך זיך משער געווען, אַז אינדרויסן ווערט טונקל און איך מעג שוין אָנצינדן די שבת־ליכט.

אַלס בונקער־טיש, האָט מיר געדינט אַ קלעצל. אויף אָט דעם קלעצל, פֿלעג איך יעדן פֿרייטיק צום ליכט־צינדן אויס־שפּרייטן אַ שטיק פּאַפּיר, אַלס טישטעך. דאָס מאָל האָב איך דעם „טיש״ אויך פֿאַרדעקט מיט פּאַפּיר. כ׳האָב אַרויפֿגעלייגט אַ מעסער מיט אַ שטיק ברויט. נאָכהער האָב איך אַרויפֿגע־שטעלט די צוויי לייכטער. נאָכהער האָב איך אָנגעצונדן און געבענטשט ליכט. ווען כ׳האָב זיך שוין געהאַט גוט אויסגע־וויינט ביי די ליכט, האָב איך געזאָגט צו משהלע:

— וואַשט די הענט און מאַכט קידוש.

משהלע האָט זיך צעלאַכט און זיך געוואונדערט:

— פֿונוואַנען האָבן זי נאָך ברויט?

— כ׳האָב היינט אַ שלעכטן טאָג — האָב איך געענט־פֿערט — דעריבער האָב איך נישט געגעסן.

— איך האָב געוואָלט זי זאָלן האָבן אַ גוטן טאָג, האָבן זי נישט געוואָלט. זי קלערן נאָר פֿון די קינדער.

איך האָב אים נישט געלאָזט רעדן. כ׳האָב געפֿרעגט:

— איר מאַכט קידוש?

ער האָט אויף מיר אַ בליק געטון און געזאָגט:

— איך האָב ליב צו טון אַ פֿרוים ווילן, אָבער זי וועלן אויך טון מיין ווילן?

איך האָב זיך געמאַכט ווי כ׳וואָלט נישט פֿאַרשטאַנען

זיינע ווערטער. כ׳האָב ווידער געפרעגט:

— איר מאַכט קידוש?

משהלע האָט געמאַכט קידוש. נאָכהער האָט ער גענומען דאָס שטיק ברויט און עס דורכגעשניטן אויף צוויי שטיקלעך. צו די שטיקלעך ברויט האָבן מיר צוגעטרינקען וואסער. נאָכן אָפּעסן האָבן מיר געבענטשט. א ביסל שפּעטער בין איך איינגעשלאָפן. ווען כ׳האָב זיך איבערגעוועקט איז משהלע געשטאַנען און געקאָכט אויף דער פּרימוס־מאַשינקע. איך האָב געזען ווי ער פאַרזוכט שוין פון דעם געקעכטס. ווען דאָס עסן איז שוין געווען פאַרטיק, האָב איך זיך אויפגעזעצט און אים געזאָגט, אַז איך וויל אויך עסן.

— וואָס זאָגן זי? — האָט ער צעטומלט געפרעגט — ס׳איז דאָך געקאָכט אום שבת! זי זענען דאָך אַ פרומע!

— איך בין אַ פרומע און כ׳וויל עסן! — האָב איך געזאָגט

— גאָט וועט מיך דערפאַר נישט שטראָפן!

— יאָ, זי זענען גערעכט! אין אַזאַ צייט, איז נישט קאַ זינד. אָבער פאַרוואָס קאָכן זי אַליין נישט אין שבת?

ס׳איז פאַר אים געווען אינגאַנצן אומגעריכט וואָס איך וויל אויך עסן. ער האָט זיך נישט געפינען קיין אָרט פון פאַרדראָס. ער האָט געזאָגט:

— איינמאָל האָב איך געוואָלט אַליין אָפּעסן צו דער זעט, וויל זי גאָר אויך עסן! כ׳וועל אין געבן אַ קליין ביסל!

נישט קאַ ביסל, נאָר אַ העלפט! — האָב איך געפאָדערט — גלייך אויף גלייך!

— עס איז דאָך שבת! — האָט משהלע אויסגעשריגן — זי פאַרגעסן דאָס איז געקאָכט אין שבת?

— גאָט וועט מיך דערפאַר נישט שטראָפן — האָב איך געענטפערט — און צווייטנס, איז דאָס נעמען פון אייך אַ גרויסע מצווה!

ביים עסן האָט משהלע געהאַט אַ מינע ווי ער וואָלט פאַרזוכט אַ ביטערע מעדיצין און איך האָב ווידער געזאָגט:

— „ס'אַ מצווה פון אייך צו נעמען". — האָט ער מיר געענט־פערט, אַז פון אים „נעמט מען נישט". — ער האָט נאָך קיינמאָל קיינעם נישט געגעבן. אפילו אַן אייגענעם ברידער האָט ער אַמאָל אָפּגעלערנט. דער ברידער איז געווען אַ קאָמוניסט, האָט אינזיינען געהאַט די פּאַרטיי און גאָרנישט פאַרדינט. איינמאָל — האָט משהלע דערציילט — קומט דער ברידער איך זאָל אים געבן אויף אַן אַנצוג. ער גייט חתונה האָבן. — האָב איך אים געפרעגט: — „האָסט אַ דרוקעריי, קענסטו נישט פאַרדינען, נאָר קומסט צו מיר? יאָך גיב נישט". דער ברי־דער האָט געענטפערט: — „אויב וועסט נישט געבן, וועל איך שוין וויסן וואָס צו טון"... — אַ פּאָר טעג שפּעטער קומט צו מיר דער שמש פון רב. דער ראַדאָמער רב קעסטענבערג האָט געהאַט צוויי שמשים. איינער איז געווען מיין פאָטער. קומט דאָס דער אַנדערער שמש און רופט מיך צו אַ דין תורה. כ'בין זיכער געווען, אַז מיין ברידערל רופט עס. כ'קום אַרויף צום רב קעסטענבערג, דערזע איך גאָר — מיין טאַטן. ס'איז מיר געוואָרן שלעכט. כ'האָב געפרעגט מיין טאַטן וואָס ער פאַר־לאַנגט?

— סטאַטש! — האָט דער טאַטע געזאָגט — דו ביסט דער עלטסטער זון! דיין מאַמע און יאָך קאָנען נישט מאַכן קאַ פרנסה. און דו ביסט אַזוי רייך, העלפסטו אונז גאָרנישט?

כ'האָב מיך פאַרשעמט פאַרן רב און כ'האָב אים צוגע־זאָגט, אַז כ'וועל צאָלן וואָכן געלט. אָבער ווי נאָר כ'בין אַרויס פונעם רב, האָב איך געזאָגט צום טאַטן: דער דרוקער האָט דיך אונטערגעפירט זאָלסט מיך פאַרשעמען? דערפאַר וועל איך דיר גאָרנישט געבן. נאָכהער בין איך אַוועק צו דער פּאָ־ליציי און דערציילט, אַז מיין ברידער איז מיט די קאָמוניסטן, און ער דרוקט קאָמוניסטישע פּראָקלאַמאַציעס. פּאָליציי האָט באַלד פאַרחתמעט די דרוקעריי. דאָס ברידערל האָט מען אַוועק־געפירט אין קרימינאַל. דערנאָך האָבן מיינע עלטערן שוין גאָרנישט געוואָלט קאַ געלט פון מיר, אַבי כ'זאָל דעם יונג אַרויסנעמען אויף דער פריי.

— און איר האָט אייער טאַטע מאַמע טאַקע גאָרנישט געגעבן? — האָב איך געפרעגט.

— זיי האָבן מיר אָנגעמאַכט גענוג קלאָפּאָטן — האָט משהלע געענטפערט. כ׳האָב אויך גענוג געהאַט פון מיין ווייב. מיט יאָרן צוריק האָבן זיך ווייבער געמאַכט אַ מאָדע און גע־פּאָדערט פוטערנע מענטעלעך פון די מענער. מיין פרוי האָט עס אויך געפּאָדערט. בין איך אַוועק צו דער שוויגער און איר געזאָגט, אַז איך ברויך נויטיק עטלעכע טויזנט זלאָטעס צום מסחר. די שוויגער האָט געוואוסט כ׳וועל איר צוריקגעבן. נאָר ווען זי האָט גענומען מאָנען דעם חוב, האָב איך איר געוויזן ווי איר טאָכטער טראָגט אַ טייער מאַנטעלע, וואָס ברויך זי אויך קאָסטן. — „האָסט אויסגענאַרט געלט? כ׳גיי שוין מסרן ביסט אַ קאָמוניסט!״ — האָט די שוויגער געגוואַלדעוועט. דער סוף איז געווען כ׳האָב געמוזט אָפּגעבן אַ העלפט פונעם חוב, וואָרים מיין שוויגער איז געווען אַ גרויסער קאַזאַק.

דעמזעלבן אָוונט ווען מיין זון איז שוין געהאַט צוריקגע־קומען אין בונקער אריין האָט מען דערהערט פרעמדע טריט אין קעלער. אַ פרעמד קול האָט מיך גערופן ביים נאָמען. נאָכ־הער זענען צו אונז אַריינגעקראָכן צוויי יונגעלייט. איינער איז געווען דער סטודענט מאָסער, וועמען איך האָב אַ פּאָר מאָל געהאַט געזען אין פּיאָנעק. דער צווייטער איז געווען מאיר בריקמאַן, דער זון פון אַ רייכער ראַדאָמער משפחה. דער פאָ־טער זיינער האָט געהאַט אַ פּאַיאַנס פאַבריק. מאיר בריקמאַן מיט דעם סטודענט מאָסער האָבן דערציילט, אַז מען האָט זיי ענדעקט אין אַ וואַלד באַהעלטעניש אין פּיאָנעק. זיי האָבן זיך קוים געראַטעוועט. זיי האָבן דערציילט פאַרשידענע פּאַסי־רונגען. נאָכדעם האָט משהלע געזאָגט, אַז ער האָט זיי אויך צו דערציילן אַ געשיכטע וואָס וועט זיי אַ ביסל פריילעך מאַכן. משהלע האָט אויפסניי דערציילט וועגן זיין ברידער מיט זיין שוויגער. דער סטודענט מיט מאיר בריקמאַן האָבן זיך צע־לאַכט.

מאיר בריקמאַן האָט געזאָגט צו משהלע:
— דו ביסט געווען יענע כלי.
נאָכהער האָט מאיר בריקמאַן געפרעגט:
— משהלע, דיין פרוי איז אַמאָל געשטאַנען ביי דער קאַסע אין דיין געוועלב?
— מיין פרוי? כ׳האָב זי קיינמאָל נישט צוגעלאָזט צום שופלאָד. זי האָט זיך גאָרנישט געטאָרט מישן אין מיינע מסחרים. כ׳האָב איר געצאָלט וואָכן־געלט. דאָס אַלץ.
— אויב משהלע איז אַזאַ קיילע, וועלן מיר דאָ שטאַרבן פון הונגער — האָט מאיר בריקמאַן זיך אָנגערופן — מ׳עט מוזן אַרויס זוכן אַרבעט אין שטאָט.

---

פונעם בונקער פלעג איך שטענדיק אַרויס איידער עס האָט געטאָגט. אָבער איינמאָל בין איך אַ ביסל פאַרשלאָפן און כ׳האָב אָפּגעטון אַ גרויסע נאַרישקייט וואָס כ׳בין אַרויס, וואָרים ווי נאָר כ׳בין אַרויס פון קעלער אין געסל אַריין, האָב איך דערזען צוויי עס־עס־לייט.ביידע זענען געשטאַנען אויפן ראָג־געסל. פון זיי צו מיר איז געווען אַ פופציק טריט.
איך האָב זיך נישט גערירט פונעם אָרט.
ביי מיינע פיס איז געלעגן אַ קופּע ציגל, האָב איך זיך אַראָפּגעבויגן און גענומען לייגן אַ ציגל אַהער, אַ ציגל אַהין, און אַזוי אַראָפּגעבויגענערהייט האָב איך געקוקט צו די דייטשן אויפן ראָג־געסל. מיטאַמאָל האָבן זיי זיך צו מיר דערנענטערט.
כ׳האָב געהערט זייער פראַגע. כ׳האָב זיך אָבער געמאַכט ווי כ׳וואָלט זיי גאָרנישט געזען און גאָרנישט געהערט. כ׳האָב אַלץ געלייגט אַ ציגל אַהין, אַ ציגל אַהער. נאָר ווען זיי האָבן נאָכאַמאָל איבערגעפרעגט: — „וואָס מאַכסטו היער?״ — האָב איך קוים אויפהייבנדיק דעם קאָפּ געענטפערט, אַז איך האָב געהאַט 20 זלאָט, האָב איך דאָס געלט פאַרלוירן. כ׳האָב נישט צו קויפן קיין ברויט פאַר מיינע קינדער.
— וויפל קינדער האָבן זי?

— צוויי קינדער.

— דיין מאַן וואָ איזט?

— מען האט אים גענומען צו אַרבעט.

— יאַ, אבער וואס האבען זי אין דען קעלער געזוכט?

ביי דער פראַגע האָב איך אויסגעבראָכן מיט אַ געוויין און די עס-עס לייט האָבן ווידער געוואָלט וויסן, וואָס איך האָב געזוכט אין קעלער?

— די צוואַנציק זלאָט — האָב איך געענטפערט און כ׳האָב זיך נאָך שטאַרקער צעוויינט.

מיין געוויין האָט זיי מסתמא גערירט, וואָרים זיי האָבן מיר געגעבן געלט און מיך געטרייסט, אַז מיין מאַן וועט אַהיים־קומען.

איך האָב זיי געדאַנקט און בין אַוועק מיין וועג.

אויף רוואַנסקע גאַס, האָב איך זיך אָפּגעשטעלט ביים פענצטער פון אַ רעסטאָראַן. איך האָב באַשלאָסן אַריינצוגיין און עפּעס אויסטרינקען. איך האָב אָבער נישט געוואַגט אַריינ־צוגיין דורך דער פראָנט-טיר, נאָר כ׳בין אַריין דורך דער הינ־טער-טיר. אין אַ האַלב טונקל צימער איז ביי אַ טישל געזעסן אַ יונג פּאָרל. עס האָט זיך באַוויזן דער קעלנער. ער האָט געפרעגט וואָס איך פאַרלאַנג? איך האָב מיר געהייסן געבן אַ גלאָז הייסע, שוואַרצע קאַווע.

איך האָב זיך צוגעזעצט צו אַ ליידיק טישל. דער קעלנער האָט מיר דערלאַנגט אַ שוואַרצע קאַווע, אָבער מיינע מחשבות זענען נאָך אַלץ נישט געווען פריי פון דער פּאַסירונג מיט די צוויי עס-עס לייט אין געסל. איך האָב כסדר נאָכגעטראַכט וועגן דער געשעעניש. אינדעם האָט דער קעלנער עפּעס דער־קענט אויף מיין פּנים. ער האָט אַוודאי באַמערקט מיין פאַר־טראַכטקייט און ער האָט אַ פרעג געטון, צי די קאַווע שמעקט מיר נישט?

— גוטע קאַווע — האָב איך געענטפערט — נאָר אפשר האָסטו עפּעס אַ זופּ?

דער קעלנער איז אריין אין דער קיך. נאכהער איז ער צו־ריקגעקומען און געפרעגט, צי איך וויל א זופ פון שוואמען?

— וויפל קאסט א שוואמען־זופ?

— פאר דיר וועט קאסטן ביליגער.

ער האט מיר צוגעשטעלט א שוואמען־זופ, אבער איך האב נישט געמיינט אזוי די זופ, ווי דאס זיצן אין דעם אוים־געוואַרעמטן צימער. כ׳האב ווידער אריינגעקלערט וועגן מיין פאסירונג מיט די צוויי דייטשן אין געסל. פלוצים האב איך דערהערט עפענען די פראנט־טיר פון רעסטאראן. כ׳האב דער־זען אריינקומען א פאליציאנט. דער פאליציאנט האט זיך צו עמיצן צוגעזעצט, אבער ער האט זיך אזוי געזעצט, אז איך האב געקאנט זען זיין פנים. פאר דער מלחמה האט ער גע־האט א וועשעריי, ער איז אפילו געווען פריינטלעך צו יידן, אבער אז ער איז א פאליציאנט ביי די דייטשן האט ער מיך נישט געטארט באמערקן. איך האב שנעל באצאלט פאר דער זופ. דער קעלנער האט מיר געעצהט:

— דו קענסט יעדן טאג קריגן מיטאג פאר ביליג. אויף דער גאס, איז פאראן א קיך פאר ארימע.

איך האב דעם קעלנער געדאנקט און דורך דערזעלבער הינטער־טיר דורך וועלכע איך בין אריינגעקומען, דורך דער־זעלבער הינטער־טיר, בין איך ארויס.

אויף דער גאס, האב איך זיך דערמאנט, אז כ׳דארף איינ־קויפן ברויט. אבער אריינגיין צו דער מירקאווסקי, האב איך מורא געהאט. איך בין אוועק אין א צווייטער ברויט־קראם, וואו פרויען זענען געשטאנען מיט ברויט־קארטן אין די הענט. כ׳האב געוואלט איבערוואַרטן ביז די פרויען וועלן ארויס, נאר אין עטלעכע מינוטן ארום האט איינע פון די פרויען צו מיר אויסגעשריגן:

— עס שטינקט פון דיר! שטינקסט, גלייך וואלסט זיך יארן נישט געוואשן! אדער ליגסט ערגעץ אין א מיסטקאסטן!

און די פרוי האט זיך פון מיר געטון א רוק אפ. אלע

אין דער קראָם האָבן אָנגעהויבן קוקן אויף מיר. דער בעקער האָט מיך צוגערופן. ער האָט געפרעגט וואָס איך וויל און צי, האָב איך ברויט־קאַרטן?

איך האָב געבעטן ער זאָל מיר פאַרקויפן צוויי ברויט, אָן ברויט־קאַרטן.

— מיר פאַרקויפן נאָר אויף ברויט־קאַרטן — האָט דער בעקער געענטפערט — אַנדערש איז פאַרבאָטן.

— איך בין אַהערגעקומען פון וואַרשע. כ'בין מיט צוויי קליינע קינדער — האָב איך געטענהט — פאַרקויפט מיר אָן קאַרטן.

מיין בקשה האָט אָבער נישט געהאָלפן. דער בעקער האָט שוין נישט געוואָלט מער רעדן צו מיר. נאָר ווען אַלע ווייבער זענען שוין געהאַט אַרויס האָט ער מיר געגעבן צוויי ברויט און צו מיר געזאָגט:

— אויב דו ווילסט ברויט אָן קאַרטן, מוזטו קומען ווען קיינער איז נישטאָ.

ווען איך בין אַרויס פון דער בעקעריי און שוין געווען אין אַן אַנדער גאַס, איז מיר אַנטקעגנגעקומען דער אויוונשטעל־ער עדעק שיטקעוויטש. פאַר דער מלחמה איז עדעק שיטקע־וויטש געווען מיינס אַ קליענט. ער פלעגט היימיש אַריינקומען צו מיין מאַן וועגן רעפּערירן אַ צעבראָכענעם ראָווער. ער פלעגט אויך אַריינקומען אין מיין געוועלב ווען ער האָט זיך אין גאָר־נישט גענויטיקט. ווען דאָס געטאָ האָט נאָך עקזיסטירט, איז ער איינמאָל אויפדערנאַכט אַריבער דעם געטאָ־פּאַרקאַן און מיר געבראַנגט אַ צעשניטן ברויט אין די קעשענעס. איך האָב אים דעמאָלט אוועקגעגעבן אַ פּאַטעפאָן מיט אַכציק פּליטן. עדעק האָט מיר דעמאָלט געראָטן, איך זאָל מיר אויסגעפינען עפּעס אַ באַהעלטעניש.

זינט דאַן איז געהאַט פאַרביי אַ יאָר מיט חדשים. עדעק האָט מיך קוים דערקענט. פון איבעראַשונג האָט ער זיך אי־בערגעצלמט.

— פֿרוי פוקס? דו לעבסט?

עדעק האָט זיך זייער דערפֿרייט מיט מיר. איך האָב אים אַרייַנגערופֿן אין אַ טויער און ער האָט מיר געזאָגט, אַז ווען מען האָט פֿון געטאָ אַרויסגעפֿירט די „לעצטע ייִדן", האָט ער מיך געוואָלט אַרויסראַטעווען. ער האָט אָבער נישט געקאָנט צוקומען צו מיר.

— ווי געפֿינסטו זיך? — האָט ער געפֿרעגט.

עדעק האָט מיך געבעטן אונטערוואַרטן. ער וועט באַלד צוריקקומען. איך האָב אָבסערווירט וואוהין ער גייט און כ'בין אַוועק אין אַ צווייט טויער.

עס האָט נישט לאַנג געדויערט האָב איך אים דערזען צוריקקומען. ווען כ'בין צו אים צוגעגאַנגען האָט ער מיר דערלאַנגט אַ פּעקל שפּייז.

— ווי געפֿינסטו זיך? — האָט ער ווידער געפֿרעגט.

עדעק האָט אָבער געזען, אַז איך קלער און ענטפֿער אים נישט, האָט ער געזאָגט:

— קלער נישט און זאָג מיר נישט... נאָר אויב ס'איז דיר שלעכט, האָסט נישט ווי צו וואוינען, קאָן איך דיך אַרייַננעמען אין מייַן וואוינונג...

— דאָס מוז איך איבערעדן מיט מייַנע קינדער — האָב איך אים געענטפֿערט — אויב מייַנע קינדער וועלן באַשטיין, וועלן מיר קומען צו דיר.

נאָכדעם האָט עדעק מיר געגעבן צען זלאָטעס. ער האָט מיר געזאָגט דעם אַדרעס וואו ער וואוינט און מיר האָבן זיך געזעגנט.

אין אָוונט האָב איך אין בונקער געטראָפֿן מייַן טאָכטער. מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז זי האָט פֿאַרוויינטע אויגן. איך האָב געפֿרעגט, צי זי האָט געוויינט, האָט זי געענטפֿערט, אַז עס דאַכט זיך מיר.

— ווי דערגייט דיר אין דאָרף? — האָב איך געפֿרעגט — ווי פֿילסטו זיך דאָרט?

— אַלץ ווי געווען, — האָט זי געזאָגט — אין קורצן איז באַזשע נאַראַדזעניע, וועל איך ווידער אַהערקומען.

— טראָגסט כאָטש דאָס העמד וואָס כ׳האָב דיר געגעבן?

— האָב איך געפרעגט — האָסט נאָך דאָס העמד?

— יאָ.

נאָר ווען מיין טאָכטער איז אַוועק, האָט מיין זון מיר דער־ציילט, אַז די שוועסטער האָט פאַרקויפט דאָס העמד און וויפל געלט זי האָט דערפאַר געהאַט, האָט מען איר אַרויסגעגנבעט אין אַ בעקעריי. אין דער בעקעריי זענען געווען אַ סך מענטשן. מען האָט געוואָלט רופן אַ פּאָליציאַנט. האָט זי מורא געקריגן, אַז מען וועט אָנהייבן זי אויספרעגן, איז זי אַוועק מיט גאָר־נישט.

— אייער טאָכטער דאַרפט האָבן עפּעס אַ דאָקומענט, — האָט זיך אָנגערופן דער סטודענט מאָסער, וועלכער איז פּונקט געווען צו גאַסט אין בונקער — וואָלט זי געהאַט אַ דאָקומענט אַלס פּוילישע, האָב איך פאַר איר אַ וואוינונג. זי וואָלט אויך געקאָנט אַרבעטן.

און מאָסער האָט דערציילט, אַז ער איז איינגעדינגען אויף קוואַרטיר ביי אַ קריסטן. די קריסטן קאָכט פאַר אים און וואַשט זיינע וועש.

מאָסער איז געווען ריין אָנגעטון. ער האָט מיר געעצהט, אַז מיין זון זאָל אויך נישט ליגן אין בונקער. ער, מאָסער, וואָלט אים מיט אַלעם באַזאָרגט. מיין זון וואָלט געקאָנט זיין אויף דער לופט.

— כ׳וויל נישט. — האָב איך געענטפערט — כ׳האָב גע־נוג, וואָס מיין טאָכטער איז נישט מיט מיר.

— וואָס האָבן זי מורא? — האָט מאָסער געפרעגט — פאַרוואָס האָב איך נישט מורא?

— דו ביסט נישט קאַ ראַדאָמער — האָט זיך אָנגערופן מאיר בריקמאַן, וועלכער איז אויך געווען צוגאַסט — ווען איך וואָלט נישט געווען קאַ ראַדאָמער וואָלט איך אויך געגאַנ־

געון צו אַן אַרבעט.

נאָכהער האָט מאָסער נאָך דערציילט, אַז יעדע נאַכט שלאָפט ער אין אַ ריין געלעגער... אַז די באַלעבאָסטעס יונגע טאָכטער, פלירטעוועט מיט אים און גייט מיט אים שפּאַצירן.

— האָסט נאָך דעם קאָפּ צו פלירטעווען? — האָט משהלע געפרעגט — און שלאָפסט יעדע נאַכט אין אַ ריין געלעגער?

— יאָ, — האָט מאָסער געענטפערט — יעדע נאַכט שלאָף איך אין אַ ריין געלעגער...

# X

איינמאָל איז ראַכמיל געקומען מיט נאָך צוויי יונגעליים. נאָכן אָפּגעבן מיר אַ גרוס פון מיין טאָכטער האָט ראַכמיל גע־טענהט, אַז ער וואָלט גערן פאַרבליבן אין שטאָט. די צוויי יונגעלייט וועלכע זענען מיט אים מיטגעקומען האָבן אויך גע־רעדט, אַז אין שטאָט זעט שוין אויס בעסער, ווי אין דאָרף.

— מען דאַרפט נאָר האָבן אַ בונקער. — האָבן זיי מיר געזאָגט.

דערווייל זענען זיי איבערגעבליבן אויף נאַכט לעגער און צומאָרגנס, נאָך עטלעכע שעה אַרומגיין אין שטאָט, האָב איך פאַר די יונגעלייט געוואָלט אויסגעפינען עפּעס אַ באַהעלטע־ניש אין אַ חורבה. אַ ביסל צייט האָב איך אַרומגעבלאָנקעט אויף דער וואָל־גאַס. נאָכהער בין איך אַריין אין קיילעכיקן־מאַרק. כ׳בין געגאַנגען אויפן טראָטואַר וואו עס געפינט זיך די אַפּטייק. כ׳האָב געזען ווי אויף דער זייט פון מאַגיסטראַט, זענען אָנגעשטעלט לאַסט־מאַשינען. ווען כ׳בין שוין געווען נאָענט פון דער אַפּטייק, האָב איך דערהערט געשרייען. כ׳האָב דערזען ווי מען שלעפּט מענטשן צו די לאַסט אויטאָמאָבילן. מיר איז דורך אַ מחשבה, אַז כ׳געפין מיך אין אַ פּאַסטקע און כ׳מוז מיך שוין ראַטעווען. אָבער וואו? כ׳בין אַריינגעלאָפן אין דער אַפּטייק, וועלכע איז שוין געווען געפּאַקט מיט

אַן עולם. מיט אַ געבויגענעם קאָפּ האָב איך זיך פאַרשטעקט אין אַ ווינקל. עס האָט גערויערט עטלעכע מינוט, האָב איך געהערט זאָגן, אַז אינדרויסן כאַפּט מען נאָך אַלץ צו אַרבעט.
— „נישט אַרויסקוקן!" — האָט פּלוצים אַ געשריי געטון דער אַפּטייקער. — „אַלע אין די ווינקלען!" — האָט דער אַפּטייקער באַפוילן. אינדעם האָב איך דערזען אַ באַקאַנט פּנים. כ'האָב דערקענט סטערנאַצקי, וועלכער האָט ביי מיר געהאַט אָפּגעקויפט די גאַרדעראָב־שאַנק אין געטאָ. כדי דער סטערנאַצקי זאָל מיך נישט באַמערקן, האָב איך מיך נאָכמער אַריינגעטוליעט צווישן עולם וואָס האָט זיך געדריקט אין די ווינקלען אויפן אַפּטייקערס באַפעל.
עמיצער פון עולם האָט אויסגערופן:
— ס'איז שוין זייער ענדע! זיי וועלן שוין לאַנג נישט פאַנעווען!
אַנדערע האָבן גענומען רעדן, אַז די דייטשן מאַכן זיך באַהעלטעניש, נאָר ביז עפּעס וועלן זיי נאָך אַלעמען אַרויספירן פון דער שטאָט. אַ פרוי האָט געזאָגט:
— אויב זיי וועלן נאָך לאַנג בלייבן, וועלן זיי מיט אונז מאַכן, וואָס זיי האָבן געמאַכט מיט אַלע יידן!
— גוט אַזוי! — האָט זיך אָנגערופן דער אַפּטייקער — וואָס איר האָט צוגעהאָלפן מען זאָל טון צו די יידן, וועלן זיי דאָס זעלבע טון מיט אייך!
אין דער אַפּטייק איז געוואָרן שטיל. דער אַפּטייקער האָט ווייטער גערעדט:
— מען האָט נישט געטאָרט אַזאַ זאַך! ס'איז שרעקלעך בלויז צו טראַכטן! — האָט ער אויסגעשריגן — איר מיינט, אַז דאָס צוהעלפן די דייטשן, איז אייך געשענקט? יעצט ציטערט איר מיט אייער פעל!
דעם אַפּטייקערס ווערטער האָט דער עולם דערשראָקן אויסגעהערט. אַזוי האָט עס אָנגעהאַלטן ביז אינדרויסן איז אַדורך די געפאַר און אַלע זענען אַרויס פון דער אַפּטייק.

— און דו? וואָס שטייסטו נאָך דאָ? — האָט דער אָפּ־טייקער אַ רוף געטאָן צו מיר — אויף וועמען וואַרטסטו נאָך?

איך האָב אים געענטפערט, אַז מיין זון איז געגאַנגען מיט מיר, איז ער נישטאָ. מען האָט אים זיכער געכאַפּט.

— איר זענט מער נישט ווערט! — האָט דער אַפּטייקער מיר אָפּגעענטפערט — איר האָט געלאָזט אומשולדיקע מענטשן אויסמאָרדן!

ווען איך בין אינאָוונט אַראָפּ אין בונקער און אַלץ דער־ציילט, האָט יעדער געזאָגט, אַז מען מוז שוין זיין פאַרזיכטיקער מיט אַרויסגיין אין גאַס. דעמזעלבן אָוונט איז שוין קיינער נישט אַרויסגעגאַנגען. אינמיטן נאַכט זענען מיר געזעסן און גערעדט, האָבן מיר פּלוצים דערזען וואַסער אין בונקער. האָבן מיר עס פּרובירט אויסשעפּן איז אָנגעקומען נאָכמער. „עפּעס איז גע־שען אין די רערן”. — האָט מיין זון געזאָגט.

מיר האָבן זיך אַרויסגעפּאַקט און מיר האָבן דערהערט ווי עס שטראָמט וואַסער איבערן גאַנצן קעלער.

— אין בונקער ליגן מכשירים — האָב איך געזאָגט צו מיין זון — נעם זיי אַרויס.

ווען ער האָט אַרויסגעכאַפּט די מכשירים און אָנגעהויבן שרויפן ביי אַ רער, האָט נאָכמער געגומען גיסן. וואַסער האָט זיך געשפּרייט איבער אַלע קעלערן. ענדלעך האָט מען עס אָפּגעשטעלט און דאָס שוין אָנגעלאָפענע וואַסער, האָט מען געגאָסן אין אַ קעלער וואו ס'איז געלעגן טאָרף. די אַרבעט האָט געדויערט עטלעכע שעה. ראַכמיל מיט זיינע קאָלעגן האָבן צוגעהאָלפן. דערנאָך ווען מיר האָבן זיך אויסגעלייגט שלאָפן אין בונקער, האָט משהלע אַ געשריי געטאָן:

— נעם אָוועק די רגלים!

— אַ כאָלערע אויף דיין ראש! — האָט ראַכמיל געענטפערט — כ'האָב דיך פון פּאַנעק אַרויסגעפירט — לאָזטו מיך נישט אָנוואַרימען די פּיס!

---

אין אָוונט פון ערב באָזשע־נאַראָדזעניע, האָב איך אַלע־מען אַרויסגעשיקט זיך דורכצולופטערן אויף דער פראָסט.

מיר האָבן געהאַט איבערגערעכנט, אַז דעם אָוונט איז אין גאַס נישט אַזאַ סכנה, ווייל די קריסטלעכע וועלט איז פאַרנומען מיט זיך.

איינציקווייז זענען אַלע אינדרויסן אַרויס און איינגעקויפט אַ פּאָר ברויט מיט ליכט. מיין טאָכטער איז אויך געקומען. זי האָט מיטגעבראַכט אַ ביסל קאַרטאָפל פון דאָרף. אין בונקער האָב איך געהאַט אַ קליינעם עמער, האָב איך אין דעם עמער אָפּגעקאָכט אומגעשיילטע קאַרטאָפל און אַלע האָבן מיר זיך אויסגעזעצט עסן. אינמיטן דער סעודה, האָט מיין זון געזאָגט צו דער שוועסטער, אַז ער וויל אַהינגיין צו עדעקן. — „וואָס זאָגסטו צו דעם?" — האָט ער געפרעגט. מיין טאָכטער האָט געענטפערט, אַז זי ווייסט נישט. טאָמער פּאַסירט עפּעס? אָבער משהלע מיט מאיר בריקמאַן האָבן זיך אָנגערופן, אַז היינט ערב באָזשע־נאַראָדזעניע, איז נישטאָ וואָס מורא צו האָבן. אָט זענען זיי געווען אין די גאַסן און קיינער האָט זיי נישט נאָכגעקוקט.

— געווג היינט געגאַנגען. — האָב איך געזאָגט — איך האָב נישט קאַ צוטרוי. אויב גיין, וועט ער אַהינגיין צו עדעקן, די צווייטע וואָך. צו ניי יאָר.

דעם אַנדערן טאָג האָב איך שוין גאָרנישט געהאַט אָפּצוקאָכן. איך האָב מיין טאָכטער געפרעגט: פאַרוואָס האָט זי נישט מיטגעבראַכט עפּעס מער פונעם דאָרף, האָט זי מיר דערציילט, אַז זי האָט פּאַר דעם אַלטן פויער אַזויפיל אָנגעבאַקן, אַז צען פערזאָן וואָלטן געהאַט גענוג. דער פויער האָט געוואוסט, אַז זי גייט צו דער מאַמע וואָס ליגט אויסבאַהאַלטן און ער האָט צומאָל נישט מיטגעשיקט קיין שטיקל ברויט.

דער אַלטער פויער האָט איר נאָר מיטגעגעבן דאָס ביסל קאַרטאָפל, וואָס זי האָט ביי אים אויסגעבעטלט.

— און ער וויל נאָך אַהינגיין צו עדעקן! — האָב איך פון

פאַרדראָס אויף דעם פויער גענומען שרייען אויף מיין זון — אַ מיידל אַרבעט ביי אַ באַלעבאָס. ער ווייסט די מאַמע האָט נישט צו עסן... ניין, איך האָב נישט קאָ צוטרוי צו זיי...

און מיין טאָכטער האָט געזאָגט: זי ווייסט נישט, צי נאָך ניי־יאָר, וועט זי נאָך אַרבעטן ביי דעם פויער. ער וויל מיט איר שלאָפן. אַנדערש וועט ער זי נישט האַלטן.

כ׳האָב זי אויסגעפרעגט וועגן איר געלעגער ביים פויער האָט זי דערציילט, אַז זי שלאָפט אויף דער פאָדלאָגע, אונטער־געבעט מיט שטרוי און שמאַטעס.

— אפשר וועסטו מער נישט צוריקגיין? — האָב איך גע־פרעגט.

זי האָט מיר געענטפערט, אַז דערווייל וועט זי נאָך צוריק־גיין. זי וועט נאָך זען. נאָר אויב זי וועט נישט האָבן קיין ברירה, וועט זי אַהערקומען. און מאָסער, דער סטודענט, וועל־כער איז ווידער געווען צוגאַסט אין בונקער, האָט ווידער־אַמאָל געטענהט, אַז מיין טאָכטער וואָלט געהאַט אַ דאָקומענט אַלס פוילישע, וואָלט ער זי איינגעאָרדנט אויף קוואַרטיר. זי וואָלט אויך געקאָנט פאַרדינען.

— כ׳וועל געוואויר ווערן ווי צו קריגן אַ דאָקומענט, — האָט מאָסער גערעדט צו מיין טאָכטער.

אַ ביסל שפּעטער זענען בײדע אַרויס אין גאַס. צוריק־געקומען אין בונקער אַריין, איז שוין מיין טאָכטער איינע אַליין. מיר האָבן זי אויסגעפרעגט ווי אינדרויסן זעט אויס, האָט זי געענטפערט:

— עס גייען שיכורים... עס זעט אויס ווי אַלעמאָל...

---

ניי־יאָר אויפדערנאַכט האָט מיין זון זיך אויפסניי דער־מאָנט וועגן אַהינגיין צו עדעקן. איך האָב אים אָפּגערעדט דער־פון. אָבער משהלע מיט מאיר בריקמאַן זענען געווען דערפאַר ער זאָל גיין. ביידע האָבן געטענהט:

— היינט איז ניי־יאָר. ס׳וועט אים גאָרנישט געשען.

מיין זון איז אַרויס פון בונקער. נאָכהער האָט געדויערט אַ פּאָר שעה ביז מען האָט דערהערט טריט אין קעלער. די טריט זענען אָבער געווען אַזוי פּאַמעלעך, אַז מען האָט שוין אָנגעהויבן עפּעס פאַרדעכטיקן. מיטאַמאָל האָב איך דערהערט מיין זונס קול:

— נעם אַריין...

ער האָט מיר אַריינדערלאַנגט אַ גרויסע שיסל, אַרומגע־דעקט מיט אַ צווייטער שיסל. נאָכהער האָט ער מיר אַריינ־געגעבן אַ מענאַשקע מיט אַ פּעקל. נאָכהער איז ער אַריינגע־קראָכן און אָנגעהויבן אַזוי דערציילן:

— ווי נאָר כ'בין געקומען אין הויז ווי עדעק וואוינט, האָב איך נישט געוואוסט אין וועלכער טיר אַנצוקלאַפּן. פרעגן עמיצן, האָב איך נישט געוואָלט. פּליצלינג האָב איך דערזען פון די שטיגן אַראָפּגיין אַ קליין שיקסל. כ'האָב זיך צו איר געווענדן, ווי עס וואוינט דער און דער? דאָס שיקסל האָט מיר אָנגעוויזן אויפן ערשטן גאָרן. כ'בין אַרויף און כ'האָב אָנגעקלאַפּט. עס האָט זיך באַוויזן עדעקס מוטער מיט עדעקס פרוי. — „וועמען דאַרפסטו?" — „כ'דאַרף צו עדעקן" — זאָג איך. ווילן זיי דווקא וויסן נאָך וואָס איך דאַרף אים. איך זאָג ווידער, אַז איך ברויך נויטיק עדעקן. — „באַלד וועט ער אַרויסגיין" — ענטפערט די פרוי. אינדעם איז עדעק אַרויס און מיר אַריינגעלויכטן מיט אַן עלעקטריש לעמפּל אין פּנים אַריין. און ווען עדעק האָט דערזען ווער איך בין, האָט ער מיך אַריינגענומען און געפרעגט: — „ווי איז דיין מאַמע? ווי לעבט איר? וואָס מאַכט איר?" — נאָכהער האָט עדעק מיך אַריינגעפירט אין דער לעצטער שטיב. האָט מיר אַריינגע־ברענגט אַ שיסל וואַסער מיט אַ האַנטעך, איז דאָס האַנטעך געווען אַזוי וויים, אַז ס'איז געווען אַ שאָד זיך דערמיט צו ווישן. נאָכן אָפּוואַשן ס'פּנים אין דער שיסל, האָט עדעק ערשט אַרויסגענומען אַ ראַזיר מעסער און האָט מיך אָפּראַזירט. נאָכ־הער האָט עדעק מיך אַריינגענומען אין עסצימער, האָב איך

מיך דערשראָקן פאַרן טיש מיט אָנגעשטעלטע מאכלים: פאַר־שידענע געבעקסן מיט פאַרשידענע וואורשטן, פאַרשידענע פלעשער געטראַנקען מיט פאַרשידן אויבסט. די אַלע עסנס האָבן מיך צעמישט און אַלע האָבן מיר געזאָגט: — „עס וואָס דו ווילסט!״ — כ׳האָב אָבער נישט געוואוסט פון וועלכן פריער... האָט עדעק גענומען און מיר אָנגעגאָסן אַ גלאָז בראָנפן. נאָכהער האָט ער מיר אָנגעוויזן אויף אַלע טעלער און מיר גע־זאָגט, אַז כ׳זאָל מיר גאָרנישט זשאַלעווען. ווען כ׳האָב שוין נישט געקאָנט מער אין מויל נעמען, האָט עדעק ערשט אָנגע־לייגט מיטצוגעבן און געזאָגט: — „דאָס איז פאַר דיין מאַמע און פאַר דיין שוועסטער״.

— אפשר האָסטו עפּעס מילכיקס? — האָב איך אים געפרעגט. עדעק האָט זיך באַלד געכאַפּט וואָס איך מיין. ער האָט באַלד פאַרשטאַנען אַז דו מאַמעליו, עסט נאָר כשר פלייש, האָט ער אויף גיך געמאַכט נאָך אַ פּעקל און מיר אָנגעגאָסן אַ מענאַשקע מילך. ביים אַוועקגיין האָט עדעק מיר געזאָגט:
— „קום אויך מאָרגן. קענסט קומען יעדן טאָג״.

ווען מיין זון האָט געענדיקט דערציילן, האָב איך אָנגע־הויבן באַקוקן וואָס דער טייערער עדעק האָט מיר געשיקט. האָב איך אויפגעדעקט די שיסל: איז זי פול געווען מיט קאַר־טאָפל און מיט פלייש. האָב איך געעפנט דאָס פּעקל: איז געלעגן אַ האַלב ווייס ברויט מיט צען פּאָנטשקעס. ווען כ׳האָב דאָס אַלץ גענומען איינטיילן, האָט מיין זון געטענהט, אַז ער האָט שוין געהאַט גענוג... ער האָט זיך אַזוי אָנגעגעסן ביי עדעקן, אַז ער קאָן נישט מער...

— דיין מאַמע האָט שוין באַדויערט, וואָס דו ביסט אַהינ־געגאַנגען — האָט מאיר בריקמאַן זיך אָנגערופן.

— הלוואי, וואָלט איך שוין פונלאַנג געווען אַהינגעגאַנגען — האָט מיין זון געענטפערט — מאָרגן וועל איך ווידער גיין. עדעק האָט מיך געהייסן קומען יעדן טאָג.

צומאָרגנס איז געווען דער ערשטער יאַנואַר 1945. מיין

זון איז נאָכאַמאָל געגאַנגען צו עדעקן און עדעק האָט אים נאָכאַמאָל געגעבן אָפּצועסן. אַזוי עטלעכע אָוונטן נאָכאַנאַנד. און יעדן אָוונט האָט מיין זון נאָך מיטגעברענגט וואָס עדעק האָט מיטגעשיקט...

אַרום דעם זיבעטן יאַנואַר אויפדערנאַכט האָב איך אָנגעטון מיין זונס קלאָפּערס (זינט די טאָכטער האָט גענומען מיינע שיך האָב איך נישט געהאַט עפּעס אַנדערש) און כ׳בין אַליין אַוועק אין עדעקס הויז. עדעק האָט זיך מיט מיר דערפרייט. ער האָט מיך אויפגענומען, ווי ער וואָלט מיר געווען אַ ברידער פון איין מאַמע. נאָר ווען ער האָט געוואָלט וויסן וואו איך בין אויסבאַהאַלטן, האָב איך געבעטן ער זאָל בעסער „נישט פרעגן״... — „ס׳וועט שוין לאַנג נישט דויערן״... האָט ער מיך געטרייסט — „די שוואַבן ברעכן די קעפּ״...

עדעק האָט פאַר מיר געגרייט אַ טיש מיט כלערליי מאכלים. נאָכהער האָט ער מיר מיטגעגעבן געבעקס מיט אַ מענאַשקע קאַווע.

צומאָרגנס אינאָוונט בין איך ווידער געווען ביי עדעקן. און אַ פּאָר אָוונטן שפּעטער בין איך אויפסניי צו אים געגאַנגען.

ווען איך בין צוריקגעקומען אין בונקער אַריין, האָב איך געטראָפן ראַכמילן מיט זיינע צוויי קאָלעגן. ראַכמיל האָט מיר דערציילט, אַז מיין טאָכטער אַרבעט שוין נישט ביים אַלטן פויער. באַלד נאָך באָזשע-נאַראָדזעניע, האָט דער פויער געזאָגט, אַז ער וויל זי נישט מער. ער ברויכט אַ מיידל נישט בלויז צו דער ווירטשאַפט... האָט רובינשטיין גענומען און זי אַוועקגעפירט אין אַ צווייט דאָרף.

ראַכמיל האָט געזאָגט:

— אינס טאָכטער אַרבעט יעצט ביי נייע באַלעבאַטים. קיינער ווייסט נישט, אַז אינס טאָכטער איז אַ יידישע. אינס טאָכטער גייט דאָרט אָן אַלס „אַנטלאָפענע פון וואַרשע״ און טראָגט אַ צלם. די נייע באַלעבאַטים האָבן זי אויסגעפרעגט

פֿאַרוואָס זי האָט נישט קיין צלום, האָט זי געענטפֿערט, אַז זי האָט פֿאַרלוירן. זענען זיי עקסטרע געפֿאָרן און איר געקויפֿט אַ צלם.

נאָך דער געשיכטע האָב איך ראַכמילן מיט זײַנע קאָלעגן מכבד געווען פֿון דעם ברויט מיט קאַווע וואָס עדעק האָט מיר מיטגעגעבן. ווען כ׳האָב די יונגעלײַט דערציילט וועגן עדעקן, האָבן זיי געשטוינט, וואָרים אין דאָרף וואו זיי זענען אויסבאַהאַלטן, מוזן זיי פֿאַר אַלעם באַצאָלן. — „דער עדעק גיט דאָס אַלץ אומזיסט?” — האָבן זיי געפֿרעגט.

— גאָרנישט צו פֿאַרשטיין, — האָבן זיי געטענהט — אַ צדיק איז דער עדעק שיטקיעוויטש.

און ווי מען האָט אַזוי גערעדט און דאָס בונקער־לאָך איז געווען אָפֿן — עס זאָל אַרײַן אַ ביסל לופֿט — האָט מען פּלוצים דערזען — ליכט. עלעקטריש ליכט פֿון קעלער. פֿון גרויס אימה זענען מיר אַלע געבליבן פֿאַרשטיינערט און מען האָט שטיל אָפּגעוואַרט צו דערהערן עמיצנס טריט אין קעלער. עס זענען פֿאַרבײַ מינוטן. מען האָט גאָרנישט געהערט. נאָר מיטאַמאָל האָט דאָס ליכט פֿון קעלער זיך אויסגעלאָשן. אין סעקונדן אַרום איז ווידער געוואָרן ליכטיק. אַזוי נאָכאַנאַנד: עס האָט זיך געלאָשן און געוואָרן ליכטיק.

ווער מאַכט דאָס? — האָב איך געקלערט.

כ׳האָב ריזיקירט צו זען ווער עס מאַכט דאָס. אָבער ווען כ׳האָב אַרויסגעקוקט פֿון בונקער־לאָך האָב איך קיינעם נישט געזען.

אין אַ מינוט אַרום בין איך שוין געגאַנגען פֿון קעלער צו קעלער.

אַלע קעלערן זענען געווען באַלויכטן מיט עלעקטריש ליכט. ווען כ׳בין אַרויפֿגעקומען אויף די ערשטע עטלעכע טרעפּ צו די אויבערשטע גאָרנס, איז אויך געווען ליכטיק. עס האָט געלויכטן איבערן גאַנצן הויז. (ווען דאָס געטאָ האָט עקזיסטירט זענען אין דעם הויז געווען אָפּטיילונגען פֿון די געטאָ־

וואַרשטאָטן. נאָכהער האָט מען אין דעם הויז איינגעאָרדנט א מאַגיסטראַט). אויף אַלע טירן זענען געווען צוגעשפּיליעט אַמט אויפשריפטן. ווען כ׳בין אַרויף אויפן לעצטן גאָרן האָט זיך ווידער געמאַכט דאָס זעלבע: דאָס ליכט האָט זיך ווידער געלאָשן און זיך ווידער אָנגעצונדן. כ׳האָב זיך משער געווען, אַז דאָס נעמט זיך פונעם עלעקטרישן-זייגער. ווען כ׳בין צוריק אַריינגעקראָכן אין בונקער האָב איך געזאָגט:

— נישטאָ וואָס מורא צו האָבן. עס לעשט זיך אַליין און עס צינדט זיך אַליין.

מיין זון מיט ראָכמיל זענען אַרוים אין קעלער נאָכקאָנטראָלירן דעם עלעקטרישן זייגער און זענען געווען מיט דער זעלבער מיינונג וואָס איך.

ראָכמיל האָט געזאָגט:

— יעדעס מאָל האָט איר אַנדערע נסים. אַנומלט האָט איר געהאַט וואַסער. וואָלט איר דעמאָלט געשלאָפן — וואָלט איר דערטרינקען געוואָרן. יעצט איז דער נס וואָס די פוקסאָווע איז אַרוים, אַנישט וואָלטן מיר אויסגעגאַנגען פון שרעק.

— קיינער פון אונז האָט נישט ריזיקירט — האָט ראָכמיל ווייטער גערעדט — און זי, אַ פרוי, האָט ריזיקירט. איך בין אויך אַ ריזיקאַנט. כ׳האָב שוין עטלעכע מאָל ריזיקירט מיט אַריינגיין קיין ראַדאָם. נאָר וואָס פרוי פוקס האָט יעצט געטון, וואָלט איך נישט געוואַגט. פרוי פוקס איז נאָכמער ריזיקאַנטקע פון מיר.

נאָכדעם האָט ראָכמיל דערציילט, ווי ער מיט זיינע חברים זענען געווען אויף גרויסע צרות פאַראיאָרן. אַלע האָבן זיך שרעקלעך געמאַטערט אין דאָרף. דער פויער האָט געפאָדערט געלט און זיי האָבן נישט געהאַט. האָט אים גאָט געהאָלפן, ראָכמילן, און ער האָט אין וואַלד געפונען אַ געמאַכטע ביקס, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַן עכטע ביקס. מיט אָט דער ביקס איז ער איינמאָל ביינאַכט אַוועק אין אַ צווייט דאָרף מיט זיינע חברים. אַלע זענען אַריין צו אַ פויער און אויסגערופן: —

„הענדע האָך!" — דער פויער מיטן ווייב מיט די טעכטער האָבן זיך דערשראָקן און אויפגעהויבן די הענט. האָט מען קודם געזוכט געווער ביים פויער. נאָכדעם האָט מען אַלעמען באַפוילן זיך אויסלייגן אויף דער פּאָדלאָגע און נישט אויפ־הייבן די קעפּ. און ער, ראַכמיל, איז געשטאַנען און געוואַכט מיט דער אויסגעשטרעקטער ביקס, ביז די קאָלעגן האָבן אין זעק אַריינגעכאַפּט עטלעכע הינער מיט אַ פּאָר חזירימלעך. ביים אַוועקגיין האָט ער אָנגעזאָגט דעם פויער מיט זיינע טעכ־טער, אַז זיי זאָלן נישט פריער אויפשטיין ווי אין אַ שעה אַרום... און אַז זיי זאָלן נישט וואָגן צו שרייען...

— און ס'האָט געהאַט הינער מיט חזירימלעך? — האָט משהלע געפרעגט.

— יאָ. — האָט ראַכמיל געזאָגט — מ'האָט אַלץ אַוועק־געגעבן אונזער פויער.

צומאָרגנס איז געווען פרייטיק. ווען כ'האָב פאַרנאַכט זיך געשטעלט צינדן די שבת ליכט האָט ראַכמיל מיט זיינע חברים זיך שטאַרק געחידושט. ראַכמיל האָט געזאָגט:

— אין אַזאַ צייט האַלטן שבת איז אַ גרויסע זאַך.

— פרוי פוקס עסט אויך נישט קאַ חזיר, חזיר גיט זי אַוועק בריקמאַנען — האָט משהלע זיך אָנגערופן — אַז איך וויל איר געבן ברויט פאַר חזיר, וויל זי נישט. נאָר גיט עס בריקמאַנען אומזיסט.

ראַכמיל האָט געענטפערט:

— מסתמא ווייסט זי וואָס זי טוט, אויב זי וויל אומזיסט אַוועקגעבן חזיר.

ווען די ליכט האָבן אויסגעברענט, איז ראַכמיל מיט זיינע קאָלעגן אַוועק און מיר האָבן זיך געלייגט שלאָפן.

אינדערפרי האָט יעדער געזאָגט, אַז ס'האָט זיך אים עפּעס געחלומט. מיין זון האָט דערציילט, אַז ער האָט געזען מיין מאַמע. זי האָט אים געגעבן אַ ביסל צוקער און געהייסן ער זאָל אויך מיר געבן דערפון. משהלע האָט דערציילט, אַז ער

האָט געזוען אַן אַלטע באָבע מיט אַ קופּקע און זי האָט אים אויך געגעבן אַ טאַרבעלע מיט צוקער. פון דעם צוקער האָט זי געהייסן געבן אירם אַן אייניקל. איך האָב דערציילט מיין חלום: מיר האָט זיך געחלומט, אַז מיין מאַן איז דאָ אַריינגעקומען און איך האָב גענומען שרייען: — „זעט, מיין מאַן לעבט!" — און איך האָב מיין מאַן דערציילט, אַז אַן אים, האָב איך זיך געפילט זייער געפאַלן. נאָר ווען כ'האָב אים געוואָלט געבן אַ קוש, האָט ער מיר געוויזן, ער איז נישט ראַזירט און האָט זיך פון מיר אָוועקגעדרייט... האָב איך אָנגעהויבן וויינען, אַז ער האָט מיך שוין נישט ליב. האָט ער מיך אַרומגענומען און אויך אָנגעהויבן וויינען... האָב איך אים געפרעגט: — „פאַר־וואָס וויינסטו?" — האָט ער מיר געגעבן אַ ביסל צוקער און געזאָגט: — „קום, כ'וועל דיך אַדורכפירן"... און ער האָט מיך צוגעפירט צום קיילעכיקן־מאַרק, נאָר איך האָב מורא געהאַט צו גיין, ווייל אין קיילעכיקן־מאַרק איז געווען זייער פינצטער און פון אַלע ראָגן האָט מען געהערט קולות פון דייטשן. — „דו גייסט מיט מיר, וועלן זיי דיר גאָרנישט טון"... — האָט מיין מאַן געזאָגט. און ער האָט מיך גענומען ביי דער האַנט און מיך ווייטער געפירט. ווען מיר זענען שוין געווען נאָענט פון עדעקס וואוינונג, האָט מיין מאַן אַרויפגעצויגן קאַלאַשן אויף די שיך און מיר געזאָגט, אַז ער גייט צו מיין טאָכטער.

ווען איך האָב געענדיקט דערציילן, האָבן אַלע געוואָלט הערן וואָס איך זאָג וועגן די חלומות?

— צוקער, איז אַ גוטער סימן. — האָב איך געזאָגט — און וואָס מיין מאַן האָט מיך געפירט אין דער פינצטער — האָט ער מיך געפירט דורך אַלע געפאַרן.

— און מיר האָ טזיך גאָרנישט געחלומט... — האָט זיך אָנ־גערופן מאיר בריקמאַן — פאַרוואָס אייך אַלעמען יאָ און מיך — נישט?

אויף דעם האָט קיינער נישט געהאַט קיין ענטפער. איך האָב נאָר געוואוסט, אַז ווען איך זע מיין מאַן אין חלום, וועט

שוין עפּעס געשען. ער איז מיר אָפּט געקומען צו חלום און מיך געפֿירט אַז כ׳זאָל מיך נישט שרעקן. אַזוי דורך דער גאַנ־צער מלחמה...

— אָבער וואָס מיינט דאָס? — האָט מאיר בריקמאַן אַלץ איבערגעפֿרעגט — פֿאַרוואָס האָט אייך אַלעמען יאָ געחלומט, און מיך נישט?

דערפֿון איז מאיר בריקמאַן געוואָרן זייער צערודערט.

אויפֿדערנאַכט האָב איך מיך צוגעגרייט אַרויסצוגיין צו עדעקן. מאיר בריקמאַן האָט אויך געדאַרפֿט זיין אין שטאָט. ער האָט געהאַט אָפּצונעמען געלט ביי אַ פּאָליאַק. — „אויב כ׳וועל קריגן געלט, וועל איך פֿאַר אייך קויפֿן שיך. איר זאָלט נישט טראָגן די הילצערנע קלאַפּערס", — האָט ער געזאָגט.

ער איז אַרויס פֿריער פֿון מיר, ווייל ער האָט באַדאַרפֿט אַוועקגיין אין אַן אַנדער ריכטונג.

ווען איך בין אַרויס, איז אינדרויסן געווען אַזאַ חושך, אַז כ׳האָב מיך געהאַלטן ביי די ווענט. ווען כ׳בין צוגעקומען צום קיילעכיקן־מאַרק איז מיר פֿאַרגעקומען, אַז כ׳האָב פֿאַר זיך דעמזעלבן פֿינצטערן וועג, דורך וועלכן מיין מאַן האָט מיך געפֿירט אין חלום...

פֿינצטער און שטיל און פּוסט איז געווען אין קיילעכיקן־מאַרק. פּונווייטנס האָבן זיך געהערט טריט. די טריט האָבן זיך צו מיר דערנענטערט. ס׳איז מיר אַנטקעגנגעקומען אַ ציווילער מענטש. מיר זענען זיך פֿאַרבייגעגאַנגען. נאָכהער האָב איך שוין קיינעם נישט געזען און איך האָב נישט געקאָנט פֿאַרשטיין פֿאַרוואָס אויף דער גאַס איז אַזוי פּוסט. אַן אויסטערלישער פּחד איז אויף מיר געפֿאַלן און איך האָב געבעטן צום רבונו של עולם עס זאָל שוין נעמען אַן ענד. איך האָב שוין נישט קיין כוח צו לעבן מיט אימה... צו אַלע צרות האָב איך נאָך געטראָגן אַזעלכע גרויסע הילצערנע קלאַפּערס, פֿון יעדן טריט האָט אָפּגעהילכט מיט אַ סאָרט אומהיימלעכן עכאָ וואָס האָט זיך געהערט איבער דער גאַנצער ליידיקער גאַס.

טיילמאָל האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, אַז דער סאָרט אומהיימ־לעכער עכאָ טראָגט זיך פון ערגעץ ווייט. אָבער דאָס האָבן אַזוי געקלאַפּט מיינע הילצערנע טרעטערס. ווען איך בין שוין געווען אויף די טרעפּ צו עדעקס וואוינונג, האָב איך גענומען קלאַפּן, אַז עדעק זאָל דערהערן. עדעק האָט שוין דערקענט מיינע טריט. ער האָט אויפגעמאַכט די טיר און מיר וואָרעם צו וויסן געטון:

— פּרוי פּוקס, ביסט שוין גליקלעך! די רוסן זענען שוין אין קעלין!

— פונוואַנען ווייסטו דאָס?

עדעק האָט מיר געענטפערט, אַז פיל דייטשן זענען ביי־טאָג אַנטלאָפן פון דער שטאָט.

— ס'איז שוין זייער סוף!

נאָכהער האָט עדעק מיר געגעבן אָפּצועסן. ווען איך האָב אים געפרעגט פאַרוואָס אינדרויסן איז אַזוי פּוסט, און עס גייט נישט קיינער? — האָט עדעק מיר דערציילט, אַז זינט נעכטן טאָר זיך קיינער נישט געפינען אין גאַס... ס'איז אויס־נאַם צושטאַנד...

איך האָב אים געפרעגט ווי אַזוי וועל איך צוריקגיין, אַז ס'איז „אויסנאַם צושטאַנד?"

עדעק האָט מיך באַרואיקט:

— ביסט אַהערגעקומען און קיינער האָט דיך נישט גע־זען, וועט מען דיך צוריקוועגס אויך נישט זען.

צוריקוועגס פון עדעקן האָב איך געטראָגן אַ מענאַשקע קאַווע און אויף דער גאַס איז ווידער געווען דיזעלבע פינצ־טערניש וואָס איך האָב געזען אין חלום... איך האָב זיך ווידער געהאַלטן ביי די ווענט. פון מיינע טריט האָט ווידער אָפּגעהילכט מיט עכאָס. — „גאָט, העלף אַלעמען, וועלכע דאַרפן דיין הילף" — האָב איך געבעטן גייענדיק. ווען כ'בין שוין צוריק געווען אין געסל ביים בונקער, בין איך געפאַלן איבער די אָנגעלייגטע ציגל.

און פאַלנדיק האָב איך די מענאַשקע מיט קאַווע אויסגע־שטרעקט אין דער הויך, עס זאָל זיך פון דער מענאַשקע חלילה גאָרנישט אויסגיסן.

---

אַ האַלבע נאַכט האָט מען אין בונקער אָפּגעוואַרט מאיר בריקמאַן זאָל צוריקקומען. דער איידעלער בחור איז שוין אָבער קיינמאָל נישט צוריקגעקומען...

די אַנדערע האַלבע נאַכט האָב איך מיר גאָרנישט געפינען קיין אָרט אינעם בונקער. איך בין כסדר אַרויסגעקראָכן אַ בליק טון צי אינדרויסן ווערט שוין ליכטיק.

אָבער פון דעם אַרויסקריכן און אַריינקריכן בין איך מיד געוואָרן, און פון מידקייט האָב איך איינגעדרימלט. ווען כ'בין ווידער אַרויס, איז שוין געווען גרויסער טאָג.

דער הימל איז געווען פאַרויכערט ווי עס וואָלט געברענט אַרום דער שטאָט. איך בין אַוועק צו אַ בעקער, איז די קראָם געווען געשלאָסן. פון געוואוינהייט בין איך אַריין צו אַ צווייטן בעקער האָט ער מיר געזאָגט, אַז געבעקס וועט ער אפשר האָבן פאַרנאַכט. ווען איך בין אַרויס פון דעם בעקער און אָפּגע־גאַנגען אַ שטיק גאַס, האָב איך דערהערט דעם גערויש פון עראָפּלאַנען. די גאַס איז געווען אָפּגעליידיקט. פּלוצים האָט עמיצער מיך אָנגעכאַפּט ביי אַ האַנט און מיך אַריינגעשלעפּט אין אַ טויער, וואו ס'איז פול געווען מיט מענטשן.

— זעסט גאָרנישט! קאָנסט דערהרגעט ווערן! — האָט מען צו מיר געשריגן — עס פאַלן באָמבעס!

---

אַ ביסל שפּעטער בין איך געווען ביי עדעקן און כ'האָב אים געזאָגט, אַז איך גיי צו דער מירקאָווסקי.

ווען כ'בין אַריינגעקומען אין דער מירקאָווסקיס קראָם, זענען געשטאַנען עטלעכע פרויען. די מירקאָווסקי האָט מיך אָנגעמאָסטן מיט אַ רציחהדיקן בליק. זי האָט אָנגעוויזן אויף מיר ווי אויף דער גרעסטער פאַרברעכערין:

— איר זעט די זשידוווא! אַט די זשידוווא, האָב איך מאַנאַטן געקאָרמעט!

אַלדאָס בייז האָט אַרויסגעצישעט פון דער בעקערינס מויל און איך האָב זיך געפילט ווי מען וואָלט מיך פלוצים אַריינגעשטעלט אין אַ קעסל קאָכעדיקע סמאָלע. כ׳האָב געזוכט הילף. אינדעם איז אָנגעלאָפן עדעקס פרוי. אַ מינוט שפּעטער האָט ביי דער קראָם אויפגעריסן אַ באָמבע און עס האָט אין דער קראָם אַריינגעהאָגלט מיט באָמבע שפּליטערס. די מיר־קאָווסקי מיט אַלע פרויען זענען דערהרגעט געוואָרן. מיך האָט עס אויך נישט אויסגעמיטן: אַ שפּליטער פון דער באָמבע האָט מיר געטראָפן אין דער פּלייצע. מיין רעטער איז געווען עדעק. ער האָט איבערגעלאָזט זיין געטויטע פרוי אין דער קראָם, און מיך האָט ער אָוועקגעטראָגן צו זיך אין דער וואוי־נונג. ער האָט צו מיר גערופן אַ דאָקטאָר. נאָכהער בין איך קוים אַראָפּ אין גאָס. כ׳האָב זיך געריטשט ביי די ווענט. צום בונקער האָב איך נישט געקאָנט מער דערגיין.

כ׳ווייס נישט ווער עס האָט מיך דעמאָלט אויפגעהויבן פון גאָס און מיך אָוועקגעפירט אין אַ שפּיטאָל, וואו מיינע קינדער האָבן מיך ערשט אין צוויי טעג אַרום אויפגעזוכט.